# די יודישע פאַמיליע

## אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל
## פיר ליטעראַטור און וויסענשאַפט.

פערלאַג: חברת „אחיאסף".

MAI 1902. * פינפטע העפט. * אייר תרס"ב.

אבאנאמענטס־פרייז
פיר עסטרייך־אונגארן:
יעהרליך . . . . —.10 קראָנען
האַלביעהרליך . . —.5 „
פיערטעליעהרליך . 2.50 „
איין איינצעלט העפט 80 העללער.
פרייז פאַר די יעהרליכע אַבאָנענ־
טען פון דער צייטונג „דער יוד":
נור — $3\frac{1}{2}$ קראָנען (מיט פאָרטאָ
(3 מאַרק, 3 שיללינג, 4 פראַנק).

דער פרייז פיר רוסלאַנד:
גאַנץ־יעהרליך . . . . 4 רובל
האַלביעהרליך . . . . 2 „
פיערטעליעהרליך . . . 1 „
פאַר די יעהרליכע אַבאָנענטען פון
דער צייטונג „דער יוד":
נור 1 רובל (מיט פאָרטאָ 1.50).
פרייז פיר יעדעס העפט — 40 ק.

פרייז פון מודעות:
1 זייטע 20 רובל, $\frac{1}{2}$ זייטע 12 ר.
$\frac{1}{4}$ זייטע 6 רובל, $\frac{1}{8}$ זייטע 3 ר.

אדרעסע:
Administration „Die Jüdische Familie"
Krakau, Gertrudy 16.
פיר רוסלאַנד:
Изд. Ахіасафъ. Варшава.

## אינהאלט:



קראָקאָ
דרוק פאָן יוסף פישער (גראָדגאַססע 62).

כדי עס זאל זיין איין גרעסערער צוזאמענהאנג צווישען דער „יודי־שער פאמיליע“ און דעם „יוד“ וועלען פון איצט אן אונזערע מאנאטליכע ביכליך רעדיגירט ווערען פון דערזעלבער רעדאקציאן ווי אונזער וואכענ־טליכעס בלאט „דער יוד“.

אלע מאנוסקריפטען, וואס זענען בעשטימט פאר די „יודישע פאַ־מיליע“, בעטען מיר צו שיקען אויף דעם אדרעס פון אונזער פערלאג.

**אחיאסף.**

---


# „דער יוד“

## וואכענבלאטט

פיערטער יאהרגאנג. פערלאג „אחיאסף“.

פריז:

יעהרליך 5 רובל; האלביעהרליך 3 רובל; פיערטעליעהרליך 1.50 רובל.

עס ווערט אויך אנגענומען אבאנעמענט פון 1־טען אפריל ביז דעם ענדע יאהר צום פרייז פון 4 רובעל (מיט דעם זשורנאַל „די יודישע פאמיליע“ 5.50 רובל).

מיר דערמאהנען אונזערע יעהרליכע אבאנענטען, וועלכע האבען אויסגעשריבען דעם „יוד“ אויף אויסצוצאהלען אין ראטעס, אז מיט דער נומר 13 האט זיך געענדיגט זייער אבאנאמענט און זיי דארפען גלייך צושיקען די צווייטע ראטע — צוויי רובל. און די וועלכע האבען אויסגעשריבען דעם „יוד“ צוזאמען מיט דעם זשורנאל „די יודישע פאמיליע“ און האבען פיר דעם זשורנאל מעהר ניט איינגעצאהלט ווי די ערשטע 75 קאפ׳— האבען אויסער די 2 רובעל פיר דעם „יוד“, אויך צו צושיקען פיר דעם זשורנאל די לעצטע ראטע 75 קאפ. (צוזאמען 2.75 רובל).

☞ מיר זענען אויך מודיע אז נייע אבאנענטען ווי אויך אלטע, יעהרליכע, וועלכע האבען ביי דער ערשטע ראטע דעם זשורנאל „די יודישע פאמיליע“ ניט אבאנירט, האבען דאס רעכט צו בעקומען דעם זשורנאל „די יודישע פאמיליע“ יעדען מאנאט א העפט נור פיר 1 רובל (מיט פארטא 1.50 רובל).

אדרעססע:

Издательство Ахіасафъ, Варшава.

Verlag „ACHIASAF“, Warschau.

פערזענליך: טווארדא נו׳ 6. אבטהיילונג: נאלעווקי אין איוואנאווס באזאר.

# אַ „וויגרישנע בילעט״.

(ערצעהלונג).

פון

## שלום-עליכם.

---

ה.

דריי יאָהר זענען איבערגעגאַנגען פון יענעם גליקליכען פסח וואָס מיר האָבען בעשריבען. אסך וואַסערען זענען אַבגעלאָפען, אסך צרות זענען אויסגעשטאַנען— ישראל דער שמש דאָ און זיין זוהן בנימין דאָרטען; אסך נעכט איז ניט געשלאָפען ישראל דער שמש דאָ און בנימין זיין זוהן דאָרטען; ישראל דער שמש איז ניט געשלאָפען קיין נעכט, ווייל ער האָט איבערגעטראַכט און געהאָט יסורים פון זיין בנימינ׳ען וואָס ער האָרעוועט געביך אַזוי שטאַרק, און בנימין איז ניט געשלאָפען קיין נעכט, ווייל ער האָט זיך געגרייט צום עקזאַמען.

„נאָט זאָל מיר העלפען איך זאָל שוין אַריבערשפרינגען דעם עקזאַמען — אַזוי האָט בנימין געשריבען אַהיים — וועל איך דעמאָלט קומען צופאָהרען צו אייך, מיינע ליעבע און געטרייע, אויף אַ גאַנצען זומער זיך אויסרוהען די ביינער!...״

און ישראל דער שמש האָט אַרויסגעקוקט אויף דער גוטער בשורה פונ׳ם „עקזאַמענט״ ווי מע קוקט אַרויס אויף משיח׳ן. איהם האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז בנימין קומט צופאָהרען אַ פאַרטיגער דאָקטער, אַ גרויסער דאָקטער; די גאַנצע שטאָדט לויפט זיך צענויף אָנקוקען „ישראל דעם שמש דאָקטאָר״; מע שלאָגט איהם אָב די טירען, דער מיט אַזאַ בקשה און דער מיט אַזאַ בקשה; איטליכער זוכט זיך אַ צד; אפילו העניל דער איינבינדער, אַ שלים מזל מיט אַ קרום-פיסיל, אַז ער געהט שפרינגט ער אונטער, איז אויך געקומען צושפרינגען.

— וואָס ביזט דו דאָ פאַר אַ רב שמעלקי, האַ? פרעגט איהם ישראל.

העניל דער איינבינדער, נענונ ער הינקט אונטער אויף אַ פוס, רעדט ער נאָך שעפּיליאַווע אויך, קאָן ניט אויסרעדען קיין רי״ש.

— סטייטש ַיב ִישָאל יאיך בין דאך אייעע איין אייגענע ָקרוב.

— וואס פאר א קרוב ביזט דו? — פרעגט איהם ישראל, חאטש ער ווייסט גאנץ גוט אז ער איז א קרוב אפילו א ווייטליבער, נאר פארט א קרוב.

— מיין עלטעיע פעטער ראובן און אייער פינעס מומע ייזיל זענען געוועזן אייגענע שוועסטער און בידער.

— אודאי קעהרסט דו זיך אן מיט מיין זוהן א קנעפיל! — זאגט צו איהם ישראל; נאר העניזיל דער אייגבנידער מאכט אזא קרום פנים, אז ער האט אויף איהם רחמנות און לאזט איהם צו.

— נו? — פרעגט איהם ישראל ביים ארויסגעהן פון בנימינ'ען — וואס הערט זיך, שלים מזל?

— הונדערט און צוואנציג יאהר זאלט איהר לעבען! — ענטפערט איהם העניזיל, האלט א ושמעני מיט גאלד, שפרינגט אייפ'ן פיסיל און דאס פנים פלאמט איהם און שוויצט אזש.

— די משפחה דיינע! — זאגט ישראל צו סימען מיט א שטאך, און בעווייזט איהר מיט די אייגען אויפ'ן שלים־מזל העניזיל דעם אייגבינדער.

— נעביך א גרויסער אביון, פערענטפערט איהם סימע.

— הערימעך איז וואס? קארג ארימע לייט פאראן אין שטאדט? —... אזוי זאגט ישראל, נאר מיינען מיינט ער עפיס אנדערש; ער האט מורא אז מע וועט אזוי שלעפען ביי זיין זוהן כסדר, וועט מען איהם מאכען פאר א קבצן.

— גענוג! זאגט ישראל און שליסט צו די טיר — גענוג אייך שוין צו געהן איקראונדאב! לאזט איהם אברוהען זיך האטש אביסיל פונ'ם וועג!...

ישראל דער שמש איז אין זיינע לופטינע גילדענע מחשבות פערגאנגען אזוי ווייט, אז ער האט אנגעהויבען מאנקירען מיט דער שטעלע; ס'איז איהם נמאס געווארען דאס שמשות, זיין איטליכען א משרת, אויסשטעהן יעדענס קאפריז, טראגען אויפ'ן קאפ איטליכענס יאהרצייט, הנפהנ'ען איטליכען בעזונדער, יוצא זיין פאר קיין עין־הרע אזא עולם מיט יודען, וואס אלע ווילען דוקא דעם אויבען אן אין מזרה, אלע ווילען דוקא שישי; אלע ווילען דוקא דעם ע'שטען פסוק פון אתה־הראית; און אז די גבאים צווישען זיך קריעגען זיך, איז ווער דאס כפרה־היהנדיל? דער שמש! אז צוויי נגידית'טעס אין שול צעאמפערען זיך איבער'ן אתרוג וואס מע האט צו איינער געשיקט פריהער ווי צו דער אנדערער, איז וועמען פליהט דעמאלט אין טאטען אריין? — דעם שמש! ווער הארעוועט מעהר פון אלע? ווער קומט אהיים שבת און יום טוב שפעטער פון אלעמען? ווער זעצט זיך צום טיש דעמאלט ווען אלע שלאפען שוין? אלץ דער שמש אז אך און וועה איז איהם! און טאמער ווייסט איהר וואס האט ער דערפון? צרות האט ער דערפון, מיט ענמת נפש, מיינע שונאים, מיט בזיונות, מיט גריזאטע, אז קיין שבירות נעמט ער ניט, בלייבט איבער גור די הכנסה, דאס וואס עס מאכט; איז ווי באלד עס מאכט זיך מאכט דאס, און אז עס מאכט זיך ניט, מאכט דאס מכות...

— ישראל! וועסט מוחל זיין אַ לויף טהון צו מיר אהיים — אַזוי האָט איהם אין יענער צייט אַ זאָג געטהון איין מאָל רב הערש דער נגיד און האָט זיך בשעת מעשה גענלעט דאָס בייכיל אין נעגעבען אַלע מאָל אַ צווייענדיג הוסטיל — טהו אַ שפרינג אויף איין פוס צו מיר אהיים זיי מוחל און המ... המ... זאָג מיין שרה'ן, אַז ביי מיר אונטערן קישען המ... המ... האָב איך איבערגעלאָזט די שליסעליך; טאָמער וועט זי זיי זוכען, זאָל זי וויסען המ... המ... וואו זיי צו זוכען.

ישראל דער שמש איז געוואָהנט געוואָרען שטעהן פאַר רב הערש דעם נגיד ווי אַ סאָלדאַט פאַר אַ גענעראַל, און איידער ער לאָזט אַרויס דאָס וואָרט „נעה" לויפט ער שוין; נאָר איצטינס מאָל האָט זיך ישראל עפּיס נישט אַזוי געחאַפּט און האָט געמורקעט אונטער דער נאָז:

ישליסעליך... טאַטענס משרת... לאָז מען געהן אַז מע דאַרף... אַבי טרייבען יענעם ווי אַ הונד...

— וואָס מורקעסט דו? — פרעגט איהם רב הערש דער נגיד, וואָס איז ניט געוואָהנט געוואָרען צו אַזעלכע זאַכען.

— ווער מורקעט ווער? איך מורקע דען? גלאַט איך זאָג, לאָז מען געהן אַז מע דאַרף, דאָס הייסט איך געה, אַטאַ געה איך אַטאַ...

ישראל לאָזט זיך לויפען מכּה די שליסעליך און שעלט בשעת מעשה רב הערש דעם נגיד מיט אַלע נגידים זיי זאָלען געהן כּף־הקלע. לאָז נור גאָט העלפען זומער, אַז ס'וועט קומען צופאָהרען זיין זוהן, — שלאָגט ער מיט זיי אַלעמען כּפּרות!...

---

ו.

גאָט האָט געהאָלפען דער זומער איז געקומען, נאָר בנימין איז נישט געקומען. אין בריעף האָט ער אויך אָנגעהויבען שיקען נישט אַזוי אָפט ווי פריהער, און די בריעף אַליין זענען עפּיס אויך געוואָרען וואָס ווייטער אַ קורצער אַ אומעטיגער. ער האָט נור מודיע געווען אַז דעמאָלט און דעמאָלט בעדאַרף זיין ביי איהם אַזא און אַזא עקזאַמען.

„דער דאָזינער עקזאַמען — אַזוי האָט געשריבען בנימין אין זיין לעצטען בריעף, „דאָס איז ביי מיר דער יום־הדין, וואָרום טאָמער פעהלט מיר חס ושלום איין זעכ־„צעהנטיל וועל איך נישט קענען אַריין, און אַז איך וועל ניט אַריין איצט, וועל איך „מוזען בלייבען אויף איבער אַ יאָהר, און ווער ווייסט וואָס וועט זיין איבער אַ יאָהר, „טאָמער איז איבער אַ יאָהר נאָך ערגער? וואָס זשע וועל איך דעמאָלט טהון? וואָס „וועט זיין ווייטער? אויף וואָס האָב איך בעדאַרפט אַזוי פיעל האָרעווען, פערשוואַרצט „וועררען? אַזוי פיעל לערנען, הזיען אויף אויסוויינינג, הונגערען גאַנצע טעג, ניט „שלאָפען קיין נעכט און פרירען ווי אַ הונד? נישט איך אַליין פרעג די דאָזיגע קשיא, „עס זענען דאָ נאָך אַסך אַזעלכע וואָס זענען פערבליבען נאָך פון פאַר אַיאָהרען און „קאָנען נישט אַריין, ווייל סע פעהלט זיי צו דער נאָרמע, און אָט שפרינגט אונטער „דער פּריזיוו, און אויפ'ן עקזאַמען שניידט מען, — ס'איז שלעכט!... ביטער און „פינסטער!..."

ישראל דער שמש איז ארומגעגאנגען אהן א קאפ; ער האט נישט געקאנט פערשטעהן, פאר וואס זענען עפּיס בנימינ׳ס בריוולי׳ך געוואָרען מיט אמאל אזוי אומעטיג? ער האט געבעטען י־חמיאל משה דעם מלמד ער זאל שרייבען בנימינ׳ען, וואס איז דאס פאר נארמעס, און וואס הייסט עס פעהלט א זעכצעהנטי׳ל? מע מעסט דען ביים עקזאמען אויך מיט א מאס אזוי ווי ביים פּריזיוו? און וואס הייסט מע שניידט ביים עקזאמען? ווער שניידט? פאר וואס שניידט מען? הכלל ער זאל איהם א־זיס־שרייבען אלסדינג באריכות און זאל גאר ניט זארגען, ער זאל זיך פערלאזען אויף דעם וואס לעבט אייביג, ער קאן אלין, און דער עיקר ער זאל זיין א יוד וועט אלס־דינג אם ירצה השם זיין גוט...״

אויף דעם דאזיגען בריעף און אויף אלע איבעריגע בריעף האט שוין אבער ישראל דער שמש מעהר קיין ענטפער נישט בעקומען. ישראל איז נישט געוואהנט געוואָרען אז פון בנימינ׳ען זאל אזא צייט קיין בריעף ניט זיין; ער האט אזוי לאנג איהם געשריבען און געשריבען, ביז ער האט אויפגעהערט צו שרייבען; ס׳איז איהם געוועזן א בזיון פאר ירחמיאל משה דעם מלמד...

— וואס קאן עס זיין וואס ס׳איז ניטא קיין בריעף אזוי לאנג? — פרעגט סימע ביי ישראלי׳ן און בעקומט פון איהם א פּסק ווי געוויינטליך.

כשריה בהמה! ער האט מעהר ניט וואס צו טהון, נאר שרייבען בריוולי׳ך? ווארט אויס אביסעל. לאז ער אבגעבען דעם ״עקזאמענט״ וועט ער דיר דעמאלט שרייבען!...

בעקומען איהרס טריט סימע אב, ווי א הונד בשעת ער הנפדי׳ט זיך צו צום בעל הבית, דרעהט מיט׳ן ווידיל און בעקומט א ״פּשאל־וואן!״...

ישראל איז ארומגעגאנגען מיט א געשוואלען הארץ און מיט א שווערער געמוט, ער האט זיך גאר קיין ארט ניט געקאנט געפינען. וואס זיין קאפ האט איבערגעקלעהרט אין דער צייט — זאל קיין פאטער נישט וויסען, און די חלומות וואס ער האט גע־זעהען ביינאכט זענען געוועזן מורא׳דיגע, שרעקליכע חלומות. איין מאל חלומט זיך איהם אז ער פאהרט צו נאסט צו זיין זוהן אינ׳איינעם מיט סימען. געפאהרען־געפאהרען, איבער בערג איבער טאהלען, וואלד איין וואלד אויס, געקומען צופאהרען צו א גרויסען פאלאץ, פרעגט ער: ״דא זיצט ריטעלמאן דער דאקטאר?״ זאגט מען: ״זיצען זיצט ער דא, נאר מע קאן איהם ניט זעהען״, פרעגט ער ״פאר וואס״? זאגט מען איהם: ״דער־פאר ווייל מע לאזט קיינעם ניט צו״. רופט זיך אב ישראל: ״געהט זאגט איהם, זייט מוחל, אז דער טאטע איז געקומען״. ״און די מאמע״ — רופט זיך אן סימע, ״אט האסט דו דיר ס׳קאצעל קומט, זי איז אויך דא אין מיטען!״ — זאגט צו איהר ישראל, און אזוי ווי זיי רעדען דערזעהט ער פון דער ווייטען א ״ידנעראל מיט פאליעטען״; ער וואלט געמעגט שווערען, אז ס׳איז בנימין. ישראל לאזט זיך געהן און סימע נאך איהם, נאר וויפיעל זיי געהען, קאנען זיי צו איהם ניט גרויכען. ״ניבער א ביסיל! זעה נאר ווי זי שלעפּט זיך? נו ריהר זיך! ריהר זיך! — שרייט ער צו סימען, און ביידע לאזען זיי זיך לויפען, לויפען מיט אלע כחות, און ישראל הערט נישט אויף צו שרייען אויף סימען: ״ניכער! גיכער! שלעפּט זיך ווי א טשערעפּאהע! סימע, פערברענט זאלסט דו ניט ווערען!...״

— נאַט איז מיט דיר, וואָס שרייסט דו? — זאָגט צו איהם סימע און טאָרעט איהם פונ'ם שלאָף. ישראל האַפּט זיך אויף, שטעלט אוים אַפּאָר אויגען, שפּייט אוים דריי מאָל, קעהרט זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט, ווערט אַנשלאָפען און זעהט אַ נייעם חלום, נאָך איין ערגערען ווי פריהער: אַ שוואַרצע הופּה... שוואַרצע ליכט... אַ שוואַרצע מטה... עמיצער שטעהט מיט איין אָבצוויינגע און וויל איהם אַרויסרייסען אַ צאהן, לאָזט ער זיך נ־ט, באַרעט זיך, דערהערט ער בנימינ'ס קול:
— טאַטע... טאַטע... ס'איז פון דיין טובה וועגען.... . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

---

ז.

פין לעמעל דעם סטאַרעסטע האט איהר געהערט אַמאָל? צי איהר הערט דאָס ערשט־ן מאָל לעמעלס נאָמען? ווי קומט דאָס? ער איז דאָך אַ יוד וואָס האָט אַ שם אוּמעדוּם. אַ הוּ־ן וואָס ער איז סטאַרעסטע אין אופּ־אווע און אַ קאָכלעפּעל און פיהרט דאָס גאַנצע שטעדטיל ביי דער נאָז, איז ער אַ גאַנצער מאַכער דאָרט אין דער "גובערניע", אויסגעבונדען מיט אַלע גרעסטע. אַז ער קומט צופאָהרען אין דער גובערניע, זאָגט ער, ווייסט ער נ־ט וואָהין ער זאָל נעהן פריהער; איטליכער, זאָגט ער, שלעפּט איהם צו זיך: "פּאַני לעמעל! גאָספּאָדין לעמעל! רב לעמעל!" סע טהוט זיך! אַלע מאָל ווען ער קומט צו פאָהרען פון דער "גובערניע" מוז ער ברייננען עפּיס אַ נייס, וואָס זאָל זיין נאָכדעם אויף דריי חדשים צו רעדען: אַ גרויסען אָנזעץ פון דריי מאָל הונדערט טייזענד, אַ מורא'דיגע שרפה, וואָס פינף און זיבעצינ נפשות זענען פערברענט געוואָרען, אָדער אַ שרעקליכע הריגה אין מיטען שטאָדט, וואָס די האָר שטעלען זיך קאָפּויר. אין האָטש ביי לעמלען זענען די אָנזעצען אביסיל צו אָפט, די שרפות מיט די הריגות כמעט אַלע וואָך, פון דעסטוועגען איז קיינעם ביז אַהער נישט איינגעפאַלען ער זאָל זיך אַנידערשטעלען דערויף: אויף קיין מעשה פרעגט מען קיין קשיה ניט, למאַי די גאַזעטען? די גאַזעטען מעגען? איהר דאַרפט נאָך געדענקען מן הסתם די שרעקליכע מעשה וואָס איז געווען בעשריבען אָנימעלטען אויף אַלע גאַזעטען. פערלאָפען האָט זיך דאָס אין ביאַליסטאָק, אין רינא אָדער אין זיטאָמיר, איך געדענק שוין ניט אַקוראַט. אַזוי איז געווען די מעשה: איין מאָל איז נעזעסען אַ פרוי מיט אַ זויגעדיג קינד אויף די הענד, פלוצים צעווײנט זיך דאָס קינד, וויל די פרוי דעם געבען זויגען און צע־שפּיליט זיך, שפּרינגט אַרויף אַ שלאַנג צו איהר אויפ'ן שוים און חאַפּט די ברוסט אין מויל אַריין און לאָזט נ־ט אַרויס שוין באַלד דריי מעת־לעת. אַלע דאָקטוירים מיט די גרעסטע פּראָפעסאָרען קומען צופאָהרען און פאָהרען אַוועק, זיי ווייסען ניט וואָס צו טהון: אָברייסען די שלאַנג מיט גוואַלד האָבען זיי מורא, טאָמער לאָזט זי דעם גיפט, איז די פרוי אַ פערפאַלענע; לאָזען זי זאָל זויגען, וועט זי פון איהר אַרויסציהען דאָס דם־התמצית! וואָס דער סוף וועט זיין, וועלען מיר מסתמא מודיע זיין אונזערע לעזער... אַזוי לאָזען אויס די גאַזעטען, און שוין מעהר אַז דריי יאָהר שרייבען מיר אויס און לייענען די גאַזעטען און ווייסען נישט עד היום דעם סוף פון דער שרעקליכער מעשה און וואָס מאַכט די אומגליקליכע פרוי נעביך? רעכנען אַז די שלאַנג זויגט

נאך, — איז עפּיס נישט צו גלויבען. עס קומט אויס אביסיל חוץ לדרך הטבע; און ווידער אז די פרוי זאל האבען געשטארבען, וואלטען דאך די גאזעטען געשריבען. לכן מוזען מיר אנקומען דערצו, אז ס'איז נישט קיין פרוי, נישט ברוסט און נישט קיין שלאנג, וואס דען איז דאס? אפנים א ליגען!

אדער נישט לאנג האבען מיר געלייענט אויף די גאזעטען אזא מעשה: אין א קליין שטעדטיל (דאכט זיך אין באברויסק) איז געווען א יודישע חתונה. די כלי־זמר' האבען געשפּיעלט. די מחותנים האבען געטאנצט. די סארווערס מיט די סארוועדקעס זענען ארומגעלאפען פערטארעראמט, ווי געוויינליך א חתונה. פּלוצים זאגט די כלה ס'איז איהר נישט גוט און לייגט זיך צו אויף א ווייל'עטשקי. און אזוי ווי זי האט זיך צוגעלייגט אזוי איז זי אנשלאפען געווארען. די כלי־זמר שפּיעלען, די מחותנים טאנצען. די סארווערס מיט די סארוועדקעס לויפען אויס פערטארעראמט — די כלה שלאפט. מע האט שוין אבגעשפּיעלט, אבגעטאנצט, אבגעגעסען די גילדענ־יוך — די כלה שלאפט. דער עולם איז זיך צונאנגען אהיים, מע פערלעשט די ליכט — די כלה שלאפט. מע שטעהט אויף אין דער פריה — די כלה שלאפט. מע לייגט זיך שלאפען — די כלה שלאפט. מע שטעהט אויף — די כלה שלאפט. הקצור ס'איז שוין דריי וואכען נאך דער חתונה — און די כלה שלאפט! "וואס מיט איהר איז געשעהן — אזוי שרייבט דאס בלאט — ווייסט מען נישט; אז די כלה וועט אויפשטעהן וועלען מיר מסתמא באלד געבען צו וויסען אונזערע לעזער"... ס'פערשטעהט זיך שוין דאס אנדערע יאהר אז מיר שרייבען אויס נור דאס דאזיגע בלאט, מיר האבען מורא טאמער האט זיך אויף די כלה און מיר וועלען אפילו ניט וויסען ווער ס'האט אונז געשלייערט! — עס איז אבער ארויסגעווארפען די טרחה; אלע טאג, אז עס קומט אן דאס בלאט, איז דאס ערשטע פרעגט מיך מיין ווייב:

— וואס הערט זיך מיט דער באברויסק'ער כלה?

— נישטא גארניט, די משמעות אז זי שלאפט נאך — אזוי ענטפער איך מיין ווייב, און ביי זיך אין הארצען טראכט איך מיר: "אוי ווער איך האב מורא אויב די גאנצע מעשה איז ניט קיין אויסטראכטע מעשה, שקר וכזב?..."

אזוי איז מיט אונזער לעמלען אויך. דער חלוק איז נאר, וואס די גאזעטען אז עס מאכט זיך, זיי האקען אריין אמאל א ליגען טהוען זיי דאס מיט א מיין, זיי מיינען געלד; און אונזער לעמעל דער סטארעסטע איז גלאט א שקרן און א פלאפלער. היינט שטעלט זיך פאר, וואס פאר א יום טוב ס'איז געווען פאר אונזער סטארעסטע, אז ס'איז אנגעקומען פלוצים אין דער אופראווע פון דער גוברניע א פאפיר מע זאל אויס־שליסען פונ'ם יודישען קהל בנימינ'ען דעם זוהן פון ישראל ריטעלמאן, מחמת ער האט אנגענומען איין אנדער גלויבען...

לעמעל דער סטארעסטע, אז ער האט נור איבערגעלייענט דאס פאפיר, האט ער פערגעסען אלע געשעפטען מיט דער אופראווע, געהאפט דאס פאפיר און איז אוועק־געלאפען אין נאס אריין, זיך אלע מאל אבגעשטעלט, איינגערוימט איטליכען בעזונדער א סוד אויפ'ן אויער און צעפיקט איבער דער גאנצער שטאדט.

פאַראַן צייטען, וואָס מע קאָן זיי אָנרופען די ״שטילשווייגענדיגע טעג״. דער הימעל איז לויטער. קיין שפּריינקעלי, קיין ווינטעלי, שאַ, שטיל אַרום און אַרום; אַלע שלאָפען, ווי אויסגעשטאָרבען די גאַנצע שטאָדט, פּלוצים, מע ווייסט ניט פון וואַנען, עס פאַלט אַראָב אַ באָמבע אַ אין רייסט אויף די גאַנצע וועלט, אַלע האַפּען זיך אויף און לאָזען זיך לויפען: ״האַ? וואָס? וואו? וואָס איז געשעהען?״ — עס ווערט לעבענדיג, פריילך און שטעדטיל.

די מעשה מיט ישראל דעם שמש זוהנדיל איז געווען יענע באָמבע, וואָס האָט איבּערגעריסען דאָס גאַנצע שטעדטיל און אויפגעוועקט אַלע יודען. איטליכער בעזונדער איז געווען אַזוי צעקאָכט און אויפגעטראָגען פון דער מעשה, גלייך ווי ס'איז איהם נוגע אין נפש אָדער אין פרנסה, גלייך ווי עס געהט איהם מעהר נישט אָב, נאָר דאָס. אַסך האָבען אָהעקגעוואָרפען געשעפט, דאָס עסען אין מיטען, און אַרויסגעגאַנגען אין מאַרק ״הערען וואָס הערט זיך״? אַרום רב הערש דעם גביר'ס שטוב זענען געשטאַנען גאַנצע רעדליך מענשען, און רב הערש אַליין איז געשטאַנען אין חאַלאַט און אין דער יאַרמעלקע ביים גאַניק פון דער שטוב, אַרומגערינגעלט מיט זיינע מקורבים און מיט גלאַט יודען ווילד פרעמדע, וואָס הנפהג'ען און לעקען איהם, טאָמער וועט דערפון עפּיס אַרויס אַמאָל אַ שטיקיל טובה, אַ קשיה אויף אַ מעשה?... רב הערש דרשה'ט און די לעקערס פּאַרטאַקעווען איהם:

— מסתמא! וואָס דען? זיי זענען ניט גערעכט? זיי זענען זעהר גערעכט!

— אַ שמיש, אַ פאַרך, אַ קבצן, וויל ער זיין קלוגער פון דער גאַנצער וועלט! —

זאָגט רב הערש מיט זיין צווייענדיגע הוסטיל — המ... המ... אַ דאָקטאָר האָט זיך איהם גאָר פערוואָלט מאַכען פון זיין זוהנדיל! און אַז ער וואָלט זיין אַ שמש ווי דער טאַטע, צי הלילה אַ מלמד, ווייס איך ניט וואָס ס'וואָלט געווען! איך וואָלט אַ בעלן זיין הערען וואָס זאָגט דער שמש אונזערער אַצונד? צי ער ווייסט נאָך ניט פון דער בשורה המ... המ...? עפּיס זעהט מען איהם ניט דעם שלים-מזל, וואו קאָן ער זיין?

עס האָבען זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבען זיך ניט געפוילט געהן אין שול אַריין און צום שמש אַהיים — און האָבען ישראל'ן נישט געקאָנט געפינען אין ערגיץ.

---

ה.

די וואָס זענען געוואָהנט געוואָרען צו די ״הערכסטאינטערעסאַנטע״ ראָמאַנען וואָלטען אַ בעלן געווען אַז ישראל דער שמש זאָל זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנד, אָדער ער זאָל לויפען צום טייך זיך טרינקען, אָדער ער זאָל אַרויף אין בית-מדרש אויפ'ן ביידעם און זיך אויפהענגען אויף די באַנטענעס, ווייב און קינדער זאָלען יאָמערען און קלאָגען, די שטאָדט זאָל זיך ווינען, קאָכען ווי אין אַ קעסיל — הכלל עס זאָל דונערען און בליצען! עס קאָן זיין אַז איצטינעס מאָל וואָלט איך זיי צוליעב געטהון. נאָר וואָס קען איך מאַכען, אַז ישראל דער שמש ווייסט נאָך גאָר נישט פון קיין פּותר און פון קיין חלום? דעמאָלט ווען די גאַנצע שטאָדט האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט'ן ״פּאַפּיר״ איז גאָר ישראל געזעסען ביי זיין איין-און-איינציגען גוטען פריינד און בעל-סוד ירחמיאל משה דעם מלמד. אין דער איינגער צייט וואָס איז אָנגעקומען אין דער

אופראווע דאס געוויסע "פאפיר" האט ישראל דער שמש אבגענומען פון דער פאסט א גאנצען פאקעט וואס איז איהם אנגעקומען פון זיין זוהן. ער האט נאך קיינמאל אזא גרויסען, אזא לאנגען בריעף נישט געהאט פון בנימין'ען — א גאנצע מגילה! דורכגעלייענט מיט גרויס מיה א פאר בלעטליך און ניט פערשטאנען כמעט איין ווארט, איז ער אוועק צו ירחמיאל משה דעם מלמד.

— ס'איז דא! — האט ישראל אויסגעשריגען נאך פון דער טהיר מיט א שמחה.

— א בריוויל פון אייער זוהן?

— נאך א מין בריוויל, אויף דריי בויגעליך פאפיר!

דערהערט דריי בויגעליך פאפיר האט דער מלמד אוועקגעלייגט שער און אייזען און די תלמידים האבען זיך דערוויל מחיה געווען. א קלייניגקייט מע וועט קענען שפיעלען דערוויל אין "פאטשערליך" און אין "טרעפעניש", און גלאט אזוי זיך אבדור־העו פונ'ם חומש איז אויך עפיס ווערט! ירחמיאל משה האט אנגעטהון די בעקאנטע ברילען אויף דער נאז און האט זיך גענומען לייענען דעם בריעף בקול רם און מיט א נגון. נאר כל זמן עס האט זיך געלייענט האט זיך געלייענט; וואס ווייטער ווייטער האט ער אנגעהויבען א ביסלע זיך פאראיקען און אבשטעלען זיך, ווי מע געהט אויף שטיינער, ווייל ס'איז אוועקגעגאנגען הארבע עברי', מאדנע ווערטער, אזעלכע וואס ער האט זיי אויף זיין לעבען אין ערגיץ ניט בעגעגענט. ער האט אלע מינוט צורעכט גע־מאכט די בריל אויף דער נאז, צוגעטראגען דאס בריוויל נעהענטער צום פענסטער, גע־קניטשט מיט די פלייצעס און געקייעט די ווערטער:

— המ... המ... עפים מלאכים שפראך... נאציע... מאנציפאציע... פצפציה... לאז מיך אזוי וויסען א בייזע וועטשערע!

ישראל איז געזעסען, געזעסען אנגעשפארט דעם קאפ אויף דער האנד ביי'ם עק טיש, געקוקט געקוקט ירחמיאל משה'ן אין מויל אריין, זיך צוגעהערט מיט מח צו איטליכעס ווארט, געוואלט האפען דעם רעכטען געדאנק — און ניט געקענט בשום אופן. ער האט ניט פערשטאנען וואס בעדייט דאס, וואס בנימין פלוצים פערענטפערט זיך און שוועהרט זיך מיט שבועות אז ער איז דער אייגענער מענש וואס פריהער, אדרבה נאך מיט מעהר ליעבשאפט און נאך מיט מעהר געטריישאפט... ישראל האט ניט געקענט פערשטעהן פאר וואס זאל ער איצטער ניט זיין דער אייגענער וואס פריהער? און וואס בעדייט דאס דאזיגע וואס ער בעט פון איהם ער זאל איהם מוחל זיין? וואס זאל ער איהם מוחל זיין?... "עס האט אנדערש נישט געקאנט זיין, שרייבט ער, ער האט גענוג געמיטשעט זיך, ווייל ער ווייסט, זאגט ער, גאנץ גוט וואס פאר א וועהטיג ער טהוט אן זיינע ארימע עלטערן; נאר דאס שלאגען זיך פון קינדווייז אן צו דער ליכטיגקייט, דאס רייסען זיך צום וויסענשאפט איז ביי איהם אזוי גרויס, אזוי שטארק, אז עס האט גובר געווען."

דא דערמאנט זיך ישראל אינ'ם חלום וואס האט זיך איהם געחלומ'ט און עס טהוט איהם א טיאכקע דאס הארץ, ווי א מענש וואס דערמאנט זיך אז מע בעדארף איהם מאכען איין אפעראציע... ער טהוט זיך א האפ.

— וואס? וואס? נאך א מאל, לייענט נאך א מאל, וואס שרייבט ער וואס?...

ירחמיאל משה טהוט א ריק די ברילען ארויף און וויל לייענען נאך א מאל, פלוצים עפענט זיך די טהיר און עס קומט אריין...

בנימין!

אזוי מיינט איהר? האט קיין פאראיבעל ניט, איהר האט היינטיגעס מאל נישט געטראפען. ווען איך זאל שרייבען א „העכסט־אינטערעסאנטעס“ ראמאן אין 4 טהייל מיט איין עפילאג' וואלט דא געפאסט עס זאל אריינקומען דוקא בנימין, שוין דוקא א פארטיגער דאקטאר, און פאר וואס ניט קיין „פאלקאוואי דאקטאר מיט פאליעטען“ און מיט א טשין פון א גענעראל? וואס איז, סע קאסט מיך געלד? בנימין דער גע־נעראל פאלט דעם ארימען פאטער ישראל'ן אויפ'ן האלז און הויבט איהם אן „שטארק קישען און טרעהרען גיסען“. און דער ארימער פאטער „טהוט פערגיסען טייכען טרעהרען“. און אויף זיי קוקענדיג הויבט דער מלמד אויך אן צו גיסען מיט טרעהרען (א מענש איז דאך ניט פון אייזען!) און די תלמידים, וואס האבען ביז אהער געשפיעלט אין „פאטשעדליך“ און אין „טרעפעניש“, דערזעהען אזא ריהרענדע סצענע הויבען זיי אן „יאמערליך וויינען“. דער לעזער, ער זאל האבען א שטיינערנע נשמה און א הארץ פון א טאטער, וואלט ער ביי מיר אויך געמוזט אויסגיסען א טרעהר; איך וואלט איהם, נישקשה, איינגעבעטען... נאר אזוי ווי איך שרייב נישט קיין „העכסט־אינטערעסאנטעס ראמאן אין 4 טהייל מיט איין עפילאג“, נאר גלאט אזוי א מעשה, מוז איך דערצעהלען דעם אמת ווי די זאך איז געווען: עס האט זיך געעפענט די טהיר און ס'איז אריינגע־קומען נישט בנימין, נאר בתיה הינדע די רביצין, ירחמיאל משה'ס ווייב, א יודינע ניט אזא גראבע ווי א הויכע און ניט אזא שענע ווי א געלע, מיט א גרויסען קאשעק פינים מארק. אין קאשעק האט זיך געפונען פון כל טוב: קארטאפליס און ציבעלעס און צווי שווארצע רעטעכער און א שטיקיל לונג און לעבער, וואס זי האט קוים אויס־געוויינט ביי שמחה לייב דעם קצב, מחמת לונג און לעבער איז אזא סחורה וואס אויף דעם איז ברוך השם פארהאן תמיד הונדערט בעלנים; ווייבער שלאגען זיך איבער דעם אין מארק ווי להבדיל אין שול די מאנסבילען איבער „אתה הראית“, — און ס'איז גאר קיין חדוש ניט: אז קאסטען קאסט דאס וואלוויל און קיין ביינער האט דאס ניט. דאס אז מע קאכט מיט קארטאפליס און מיט ציבעלעס און מיט גענוג פעפער און סע דושעט זיך גוט איין און ס'איז מאסטקע — איז דאך עס טעם גן־עדן!...

אריינגעקומען און דערזעהען דעם שמש זיצען ביים טיש מיט איהר מאן און לייענען, האט בתיה הינדע א קוק געטהון אויף זיי ביידען און געוואלט זעהען, צי דער שלים־מזל וויסט שוין צי ניין? נאר פון זייערע פנימ'ער האט זי נישט געקאנט ארויס־זעהען גאר ניט, האט זי אוועקגעשטעלט דעם קאשעק און א ווינק געטהון צו איהר מאן, בשעת מעשה זיך א וויש געטהון מיט דער האנד איבער'ן פנים פון אונטען ארויף.

— המיל משה, קום נא אהע!? האט זי איהם א זאג געטהון. ירחמיאל משה האט זיך געשטויסען, אז בתיה הינדע וויל איהם מסתמא עפיס זאגען, האט ער אויס־געטהון די ברילען און האט זיך ארויסגעהאפט אויף א מינוט אין הויז ארויס און

דארט, אויף יענער זייט טהיר, איז פירגעקומען צווישען מאן און ווייב שטילערהייט, אונטער פיער אויגען, אזא מין געשפרעך:

ז י: ער ווייסט שוין?

ע ר: ווער?

ז י: דער שלים־מזל.

ע ר: וואסער שלים־מזל?

ז י: דער שמש.

ע ר: פון וואס?

ז י: פונ'ם זוהן.

ע ר: פון וואסער זוהן?

ז י: פון בנימינ'ען.

ע ר: אז וואס?

ז י: די גאנצע שטאדט האט צו טהון!

ע ר: מיט ווענזן?

ז י: מיט זיין זוהן.

ע ר: מיט ווענגס זוהן?

ז י: מיט'ן שמש זוהן.

ע ר: אז וואס?

ז י: טפו זאלסט דו ווערען!...

נאט ווייסט וויפיעל דאס געשפרעך וואלט זיך נאך געצויגען ווען דער שמש אליין זאל ניט געווען אונטערקומען א דערשראקענער און א פרעג טהון:

— הא? וואס? וואס דערצעהלט איהר עפיס? וואס האט איהר עפיס געזאגט בנימין וואס?

בתיה הינדע האט נישט געוואוסט, וואס זאל זי דא טהון, ווי אזוי הרעהט מען זיך דא אוים? למאי זאל זי זיין דער שליח? א מעהר וועט זי איהם בעסער אבשיקען גלייך צו לעמעל דעם סטארעסטע, לאז ער זיך מיט איהם שלאגען קאפ אן וואנד.

— נארנישט, ווייס איך! — מאכט בתיה הינדע און ווישט זיך דאס פנים מיט דער האנד ארויף — עפיס א פאפיר זאגט מען איז אנגעקומען מכה אייער זוהן.

— וואסער א פאפיר? — פרעגט ישראל טוידט ווי די ליים.

— אין דער אופראווע דארטען — זאגט בתיה הינדע.

— וואסער אופראווע?

— צום סטארעסטע.

— מכה וואס?

— לעמעל הייסט דאס.

— אז וואס?

— אייער בנימין הייסט דאס.

— וואס בנימין? בנימין? — פרעגט שוין ישראל מיט כעס.

— איך וויים וואָס ? פֿרעגט מיך בחרם, זייט זיך מטריח אהין, צו לעמלען הייסט דאָס, ער איז איצטער אין מאַרק, לעמעל הייסט דאָס מיט'ן פּאַפּיר.

„פּאַפּיר... לעמעל... אופּראָווע... בנימין... די גאַנצע שטאָדט... וואָס זאָל דאָס בעדייטען?" — טראַכט זיך ישראל און ער פֿיהלט, אַז עס פֿלאַמט איהם אַ באַק און עס פּייפּט איהם אין איין אויהער. ער ריקט אָן דאָס היטיל, ביינט זיך איין אין דרייען און לאָזט זיך נעהן.

---

ט.

פֿאַרהאָן מענשען, וואָס האָבען ליעב אָנקוקען יענעם בשעת אומגליק, אַריינקוקען יענעם גלייך אין פּנים אַריין דוקא בשעת ער וויינט, נאָכקוקען יענעם ווי אַזוי ער געהט נאָך דער לויה, זיך צוקוקען ווי יענער ברעכט די הענד, שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט, וכדומה. איך האַלט נישט פֿון אַזעלכע סצענעס. לאָז מען זאָגען וואָס מע וויל, איך האָב פֿיינד טרויעריגע בילדער. מיין מוזע טראָגט נישט קיין שוואַרצען שלייער אויפֿ'ן פּנים; מיין מוזע איז איין אָרימע נאָר אַ פֿריילינכע... וואוהין האָט זיך געלאָזט לויפֿען ישראל דער שמש? מיט וועמען האָט ער זיך געזעהען? וואָס האָט ער גע־הערט? וואָס האָט ער געזאָגט? — פֿרעגט נאָר נישט, איהר וועט דערפֿון קיין תענוג נישט האָבען. וואָס וועט אייך אַרויסקומען אַ שטייגער אַז איהר וועט געוואָהער ווערען אַז ס'איז פֿאַראַן מענשען, וואָס יענעמס צרה איז ביי זיי נאָר אַ „נייעס", יענעמס האַרץ איז אַ פֿידעל, יענעמס נערווען זענען סטרונעס, יענעמס וויינען איז אַ ניגון און יענעמס נשמה — אַ שפּילעכיל? וואָס וועט אייך אַרויסקומען למשל, אַז איהר וועט שוין גע־וואָהער ווערען אַז עס האָבען זיך געפֿונען אַזעלכע וואָס האָבען דערלעבט אַ נקמה אין ישראל דעם שמש, דערפֿאַר וואָס ער האָט זיך אַרומגעטראָגען טאָג ווי נאַכט מיט זיין „וויגרישנע ביליעט"?

— אַ מציה! — האָט געזאָגט הנגיד רב הירש מיט זיין צווייענדיג הוסטיל און גענלעט זיך בשעת מעשה דאָס בייכיל — אַ מצוה לאָז אַ קבצן המ... המ. ניט שפּרינ־גען אין פּנים אַריין! דאָקטוירים גאָר המ... המ!...

אַסך האָבען געוויינטליך רחמנות געהאַט אויפֿ'ן שמש נעביך. נאָר איך מיין אַז עס בעדאַרף אייך זיין קענטליך דאָס וואָרט „נעביך".

— לאָז אייך גאָט היטען פֿון אַ יודישער טובה און פֿון אַ יודישען נעביך — אַזוי פֿלעג זאָגען מיין באָבע מינדי עליה השלום — וואָרום פֿון אַ יודישער טובה קאָן האַרט ווערען דער קאָפּ און פֿון אַ יודישען נעביך — הייליק די ציין...

ערשט אַרום פֿאַרנאַכטליך האָט זיך ישראל פֿערשלעפּט אַהיים, קוים אַ לעבע־דיגער, שטיל זיך אַראָבגעלאָזט אויף דער ערד, אויסגעטהון די שטיוועל, געריסען קריעה און האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף אַ שעה „שבעה". דאָס אייגענע האָבען געטהון סימע און אַלע דריי טעכטער, פּעסיל סאָסיל און בריבצי, געוויינטליך, נענוג געווייגט, גענוג געיאָמערט און גענוג געשלאָגען זיך קאָפּ אָן וואַנט, האָטש זיי האָבען נענוג איינגעלייגט די וועלט נאָך פֿריהער, איידער ישראל איז געקומען...

שפעטער, אז ירחמיאל משה דער מלמד איז געקימען זיי מַנַחֵם־אָבל זיין, האָט ער געטראָפען אזא מין בילד: ישראל איז געזעסען בעהאלטען דעם קאָפּ צווישען די קניהעס; סימע האָט זיך פערשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און געוויינט שטילערהייט, און פעסיל, סאָסיל מיט ברכצין זענען געזעסען מיט רויטע געשוואָלענע אויגען און געקוקט מיט פערגליווערטע פּנימ'ר איטליכע אין איין אַנדער ווינקעל. דער וועהטיג מיט'ן בזיון איז פאַר זיי אַלעמען געווען אַפּנים אַזוי גרויס, אז זיי האָבען נישט נעקאָנט קוקען איינס דאָס אַנדערע אין די אויגען אַריין...

אריינגעקומען איז ירחמיאל משה שטיל, אָהן אַ נאָט העלף, ווי געוויינטליך מע קומט אַריין צו איין אבל, זיך אוועקגעזעצט פּאַוואָלינקע ביי דער זייט אויף איין עק ביינקיל. אַ זיפּין געטהון און שאַ, שטום ווי די וואַנט. שפּעטער אביסיל נאָך אַ זיפּין און אַנשווינגען געוואָרען, און ווייטער אַ זיפּין און ווידער אַנשווינגען געוואָרען. ערשט אין עטליכע מינוט אַרום האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז ס'איז עפּיס נישט קיין תַּכְלִית זיצען אַזוי און שווייגען, מע בעדאַרף עפּיס זאָגען אַ גוט וואָרט. נאָר וואָס זאָגט מען? מִילָא נאָך אַ בַּר־מִנָן אַז עס מאַכט זיך חָלִילָה מע זיצט שבעה און מע קומט מנחם־אָבל זיין, געפינט זיך נאָך ווערטער: „ד' נָתַן ד' לָקָח..." אָדער: „אַ מענש מ'שטיינס־געזאָגט נעגליכען צו אַ פליג..." אָדער: „דער טוידט — דאָס אַזאַ זאַך וואָס אויסדרעהען זיך דערפון קאָן מען נִיט..." אָדער: „עט, הֲכֹל הֲבָלִים, גלויבט מיר, מיר וועלען אַלע שטאַרבען..." וכדומה אַזעלכע ווערטער, וואָס שטאַרק פריילך אויפ'ן הארצען קאָן פון זיי ניט ווערען; נאָר דאָך איז דאָס אַ שטיקיל רפואה; מענשען רעדען אויס דאַס האַרץ, ווערט אביסיל גרינגער... אָבער וואָס קאָן מען זאָגען דאָ ביי אַזאַ מין „שבעה" זיצען נאָך אַ לעבעדיגען?... ירחמיאל משה טהוט זיך אַ דרעה אויפ'ן ביינקיל מיט אַ הוסטיל. וויל עפּיס אַ זאַג טהון, נאָר סע זאָגט זיך נִיט. ער פּרובט זיך עטליכע מאָל ביז קוים קוים — ער האָט זיך צורעדט, און אַז ער האָט זיך צורעדט, האָט ער נישט געקאָנט זיך אָבשטעלען, נישט געוואוסט דורך וואַנען מע האַפּט זיך אַרויס.

— טאַ. מילא אויך די איינענע מעשה, ס'איז דאָך נאָר, ווי זאָגט ער, אַ נִסָיון, מיין איך, פון גאָט, וואָרום אַלסדינג, הערט איהר, איז פון איהם, אָהן איהם טהוט זיך ניט קיין זאַך, אַ מינדסטען פינגער הויבט אַ מענש נישט אויף פון אינטען ביז מע הייסט איהם נישט דאָרטען פון אויבען... ער איז, וואָס טויג מיר מעשיות, אַ רעכטער־בעל הבית, אוי, אַ בעל הבית!... און איהם פאָלגט מען, נאָך אַ מין פאָלגען, אוי אוי אוי!... דערימעך איז געדרינגען, הערט איהר, אַז עס בעדאַרף זיין אַזוי ווי עס איז; אַ סימן האָט איהר, עס זאָל בעדאַרפען זיין ניט אַזוי וואָלט געווען ניט אַזוי, וואָרום ווער נייט דאָס איהם ס'זאָל דוקא זיין אַזוי און ניט אַזוי? און אַז ער זאַל וועלען ס'זאָל זיין ניט אַזוי וועט איהם עמיצער זאָגען אַ דעה, ניין לאָז בעסער זיין ניט אַזוי, מיין איך לאָז בעסער זיין אַזוי און ניט אַזוי?...

ירחמיאל משה האָט געפיהלט אַז ער הויבט עפּיס אָן צו רעדען אַזעלכעס וואָס ס'איז נישטאָ וואָס צו הערען, האָט ער זיך אָבגעשטעלט, גענומען אַ שמעק טאַבעקע, אַנגעבויגען דעם קאָפּ אויף אַ זייט און אַרויסגעלאָזט אַ טיפען טיפען זיפּין און האָט ביי זיך געפועל'ט אַז מע בעדאַרף זיך אויפהויבען געהן. נאר ס'איז גרינג צו זאָגען

אויפהויבען זיך; געה הייב זיך אויף, אַז מע איז צוגעקאָוועט צום ביינקיל! נישטאָ, הערט איהר, קיין ערגערער וויזיט אויף דער וועלט ווי מנחם אָבל זיין. וויפיעל מאָל מיר מאַכט זיך קומען צו יענעם מנחם אבל זיין, קען איך קיין מאָל נישט אויפהויבען זיך און אַוועקגעהן אָהן אַ זייט געזונד. איך בעט גאָט אַלע מאָל, עס זאָל זיך עפּיס טרעפען אַ נס מן השמים: אָדער דער וואָס זיצט זאָל אַנשלאָפען ווערען זיצענדיג, וועל איך מיך פּאַוואָלינקע אויף די שפּיץ פינגער אַרויסגנב'נען פון שטוב; אָדער ס'זאָל זיך מאַכען עפּיס פּלוצים אין דרויסען אַ געשלעג, אַ שׂרפה, איין אַנגעלאָף, וועל איך מיך דערווייל קענען אַרויסחאַפּען פון געפיינעניש... ירחמיאל משה איז געזעסען נאָך אַביסיל, ביז ער האָט אַ קוק געטהאָן פריהער אויף דער סטעלי און נאָכדעם אויף אַלע פיער ווענט, געזוכט אַפּנים אַ זייגער און אַ זאָג געטהאָן צו זיך אַליין:

— מע בעדאַרף אָנהויבען טראַכטען מכח געהן... די ווייסע חברה'ניקעס וועלען איבערקערען דעם הדר מיט דעם קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף.

און נאָך עטליכע מאָל לאָזענדיג זיך צו דער טהיר אומקעהרענדיג זיך צוריק, האָט ער קוים אַריבערגעשפּאַנט מיט איין פוס אויף יענער זייט שוועל און ערשט דאָ האָט ער זיך דערמאָנט זיי אויסערדען דאָס האַרץ, טרייסטען זיי זאָלען אויפהערען זאָרגען, וואָרום גאָט איז אַ פאָטער. ער קען... און ער האָט זיי אָנגעזאָגט נאָך אַמאָל, אַז על פי דין, דאָס הייסט ווי דער מנהג איז בעדאַרפען זיי זיצען נישט מעהר ווי אַ שעה, און טאָמער חלילה אַ ביסיל מעהר איז אויך אָהן איין אומגליק. און אם ירצה השם אויף דערנאָכט נאָך מעריב וועט ער זיך אַריינחאַפּען נאָך אַמאָל אַ ביסיל זיצען, און זאָרגען זיך זאָלען זיי זיך ניט זאָרגען, מחמת גאָט איז אַ פאָטער, וואָס ער קען מאַכען קען דאָס קיין מענשען־פערשטאַנד נישט משיג זיין... ובפרט זיי האָבען קינדער זאָלען געזונד זיין, שוין דערוואַקסענע קיין עין הרע...

די שעה איז איבערגעגאַנגען און ישׂראל מיט זיין הויזגעזינד זענען אויפגעשטאַנען פון דער ערד שטיל, אָהן ווערטער, אָנגעטהון די שיך און צוקראַכען זיך איטליכער אין אַ בעזונדער ווינקעל... ישׂראל (איך זאָל ניט מורא האָבען פאַר אַ גוזמא וואָלט איך געזאָגט אַז ער האָט זיך אין דעם איינעם טאָג אַ רוק געטהון צעהן יאָהר!) האָט אויף דער גיך אָבגעהאַפּט מנחה, זיך אָבגעקלאַפּט תחנון, אויסגעשפּיגען "עלינו" און געלאָזט זיך געהן אין בית המדרש אריין ער זאָל חאָטש פערהאַפּען צו מעריב. דערווייל איז ער דאָך שמש, אַ פערקויפטער מענש, מוז ער זיין אויפ'ן אָרט. פּרנסה, הערט איהר, איז איז דאָס אַ סגולה, אַ מיטעל צו פערטרייבען אַלע זאָרגען, פערגעסען אַלע צרות!...

וואָס הערט זיך עפּיס מיט אייער "וויגרישנע בילעט"? — האָבען זיך געפונען אַזעלכע לײַדינגגעהערס וואָס האָבען איהם אַ פרעג געטהון — האָט מאַכט עפּיס אייער זוהן?

— עליו השלום, וואו האָב איך אַ זוהן? — ענטפערט ישׂראל מיט אַ ביטער שמייכעל...

אין דעם דאָזיגען שמייכעל איז געלעגען אַזוי פיעל גאַל, אַז די לײַדינגגעהערס איז אַזש געוואָרען איבער דער טבע און זיי זענען אָבגעטראָטען אויף אַ זייט. ס'איז

גערוען געוונג מע זאל איהם נור א קוק טהון אין פנים אריין, אז מע זאל מיט איהם שוין מעהר ניט וועלען רעדען פון זיין זוהן

* * *

וואס איז געוועז ווייטער? וואס איז דער סוף מיט בנימינ׳ען? צי האט ער גע־שריבען נאך בריעף? און וואס האט ער געשריבען? און צי האט איהם דער פאטער געענטפערט, צי ניין? און אז ער האט איהם געענטפערט וואס האט ער איהם גע־ענטפערט?—קוועטשט מיך ניט, אצונד וועל איך אייך ניט זאגען נאר נישט. איך בין אייך נור מחויב צו זאגען, אז פאר ישראל דעם שמיש איז שוין נישט געוועזען מעהר קיין בנימין. געשטארבען בנימין.

דער "וויגרישנע ביליעט" איז פאר ישראל דעם שמש ארויס אין טיראזש...

# אָבְּגֶעְנאַרְט.

(ערצעהלונג).

---

פֿיגעלע האָט ליעב ווי אַלע יונגע מיידליך זיך סטרויען און צו פוטצען.

און דער וואָכען האָט זי קיין צייט ניט צו אַזוינע נאַרישקייטען, ארבייט איז דאָ אָהן עַין הָרע און גיהען מוז מען, דירה־געלד קאָסט טייער און די צייט איז שלעכט. דער טאַטע פֿערדינט וועניג און צו די דריי הונדערט רובל נָדן פֿעלט נאָך גאָר אַ סך, דערצו נעמט די מאַמע פֿון נָדָן צו ביסליך אויף שַׁבָּת ווען עס פֿעהלט איהר אויס.

— חָתָנים זענען דאָ ווי די הינד אָבער יעדער הונד וויל אַ פֿעטען ביין, — פּיקט אַ געדאַנק אין איהר קאָפּ.

קלערען פֿיעל האָט זי פֿיינט. אַ יונג מיידיל, און שֵׁען. אֱמֶת מען טאָר זיך נישט איינרעדען, אָבער דאָך ווען זי שטייט ביים שפּיגעל זעהט זי פֿאַר זיך איהר ליכטיג פָּנִים מיט איהרע ראָזע באַקען, נאַר באַלד פֿערגעסט זי אין דעם ווי גלייך זי וואָלט מוֹרא האָבען אַז זי זאָל זיך זעלבסט קיין עַין הָרע נישט געבען.

שַׁבָּת איז שוין גאָר איין אנדערע זאַך, דענסטמאָל איז דאָ צייט צו דעם. און דאָס פוטצען, דאָס סטרויען — נעמט קיין ענדע נישט. די מאַמע שרייט: פֿיגעלע שוין גענוג זיך געפוטצט, ביזט אַזוי אויך שֵׁען. נאַר וואָס ווייסען אַלטע ווייבער? פֿאַר זיי איז אַזוי אויך גוט. אָהן אַ קאַפּעלוש און אָהן אַ זשאַקעט איז אויך רעכט.

אָבער אַ יונג מיידיל ווייסט וואָס דאָס בעדייט, דאָרטען אויף דער באַנק זיטצט ער — אֱלִיעֶזֶר מיט נאָך אַ חֶבְרָה קאָלעגעס און וואַרפֿט אויגען, ער מיינט אַז מען ווייסט נישט, קוקט מיט זיינע גַּבְהִ׳שע אויגען, שטופּט דעם צווייטען קאָלעגע: „זעהסט, פייער און פֿלאַם״, און זי, פֿיגעלע, מאַכט זיך ווי גאָר נישט, זי געהט אַדורך, גלייך, קאַלט־בלוטיג, נישט ווי זיך געמיינט, פֿון הינטען קוקט, קוק נאָך, און נעם דיר דאָס לעבען, קריעג די פּאַפּלעקציע.

אָבער אַמאָל ווי גרויס! איז דאָס פֿערדרוס, דאָס עַגְמַת־נֶפֶשׁ. ווען דו געהסט אדורך, און ער בעמערקט דיך נישט, נאָר קוקט אויף יענע, אויף מַלְכָּה׳ן וואָס געהט אָנגעטהון דעם נייעם זשאַקעט מיט דעם קאַפּעלוש און עס פּאַסט איהר ווי אַ הונד אַ שלייער, און ער קוקט דאָך אויף איהר, און דו דרעהסט זיך נאָך אַמאָל, און נאָך אַמאָל, מאַכסט דיך נישט וויסענדיג (עס פּאַסט דאָך נישט), נאָר פֿון הינטערווייל׳עכ׳ס וואַרף אויגען און דו זעהסט ווי ער קוקט נור אויף מלכה׳ן און זיין גאַנץ פּנים לייכט פֿאַר

פרייד, שטופּט זיין קאָלעגע, ווי זאָגענדיג: „דו זעהסט?". האָב דענסמאָל אַ אייזערן האַרץ, א שטאָלענע נאָל, אַז זי זאָל דיר נישט פּלאַטצען פאַר קרענקונג.

טאקי, דערנאָך, אז ער בעמערקט זי, נו מוז זיך שוין מלכּה אָבטראָגען אין אַ זייט, אָט דערהויבט ער זיך שוין אויף פון באַנק, שלעפּט מיט דעם קאָלעגע און נעהען נאָך, נאָך, ווי אַ שוואַרצער שאָטען, איין מאָל הויך, קוקט: גוט שבת! שאָקעל איהם צוריק מיט דעם קאָפּ שטאָלץ, עס הייסט גאָר נישט... עס איז מיר אַלעס איינס, איך וועל גאָר איינגעהן אין איין אַנדערע אַלעע. אָ ער איז אויך דאָ, ער געהט נאָך, ער געהט נאָך ווי אַ בייזער שילדער. —

און דענסמאָל איז אַזוי גוט, אַזוי פיין, דו מאַך זיך גאָר נישט קוקען, גאַר איהם נישט בעמערקען, נאָר געה דיר שטייף פעסט, און דעם קאָפּ אין דער הויך, און ער קוקט און געהט נאָך, האָטש אין עק וועלט, אין פּוסטע מִדְבָּרִיוֹת געהט ער דיר נאָך, הא, הא, אַזוי גוט, אַזוי פיין.

נאָר איינמאָל, אין אַ שבת פאַר נאַכט, אין גאָרטען, אַזוי געהענדיג מיט איהר'ס א חבר'טע, און ער געהט פון הינטען נאָך, איז זי זיך פערקראָכען אין א פינסטערע אַלעע, זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק וואָס שטעהט הינטער אַ פיעלען געדיכטען צווייגעבוים.

ער קומט אָן און זעטצט זיך אויך אַנדער, אויף דעם צווייטען עק באַנק.

פאַר נאַכט, די הויכע פיעלע צווייגענדביימער פערשאָטענען, פערפינסטערן און דונקעל ווערט, מען ווערט פערשטעלט, בעהאַלטען פון מענשען'ס אויגען.

א ווינטיל בלאָזט, גרינג און ליעבליך, עס ווערט אַביסיל קיהל.

און דאָ איז אַזוי גוט, די הערצער קלאַפּען אין דער שטיל.

ווער וועט פריהער אָנהייבען?

ער גיט א הוס, עס הייסט איך בין דאָ, זי גאָר נישט, איך ווייס נישט ווער דו ביסט, און וואָס דו ווילסט, וואָס געהט עס מיך אָהן.

זיי שווייגען ביידע, און דאָס ווינטיל וואָס בלאָזט, דערצעהלט פון אַלעס וואָס ביי ביידע אין די הערצער טהוט זיך.

— איך בעט אייך, איהר ווייסט נישט ווי שפּעט עס איז?

— ניין, איך ווייס נישט, ענטפערט זי איהם שטייף: עס הייסט, איך ווייס גאַנץ גוט וואָס דו מיינסט; נאָר איך וויל דיך נישט אזוי, עס וועט דיר נישט אזוי גיך אָנקומען.

און איהר חבר'טע וואָס זיצט ביי איהר שטופּט זי: — דו הערסט? זי פערדריסט אַביסיל אויף די חבר'טע, „זי האָטש, קוועלט ביי זיך אז ער מיינט זי?" און באַלד וויל זי זיך אויפהויבען פון דער באַנק, אָבער זי זיצט ווי איינגעקלעבט.

— אַ שענע נאַכט, וואָס ניין?

— יאָ, אַ שענע נאַכט.

אָט אזוי פערלענגערט זיך דאָס געשפּרעך, ער אפּראַגע, זי אַ אַנטוואָרט, מען רעדט פון פערשידענע זאכען, צום ערשטע מיט שרעק, מיט האַרץ קלאַפּעניש, דערנאָך ריקט מען זיך נעהנטער איינער צום צווייטען און מען ווערט גאָר היימישער.

זי געהט אהיים, ער פֿיהרט זי אָב, מען דערלאַנגט זיך די הענד, און מען בעט אויף ווידערזעהען.

און אַ צווייט מאָל, און א דריט מאָל, טרעפֿט מען זיך צוזאַמען, יונגע הערצער ציהען איינס צום צווייטען ווי מאַגנעס. און אָנהויב פֿערשטעהט זיך, דורך אַ צופֿאַל, דורך אַ טרעפּעניש האָט מען זיך פּונקט געזעהען, געטראָפֿען און געזעלשאַפֿט פֿון נאָך צווי, פֿון איהר חבר'טע, און זיין קאָלעגע, און צו ביסלעכווייז פֿיהלט מען עפּיס אַז מען דאַרף זיך אַליין זעהען, הינטער צווייערס אויגען, און מען שמועסט זיך טאַקי אָב, אין דער שטיל זיך אַליין צו בעגעגנען.

און ביידע האָבען זיך געטראָפֿען.

פֿערגאַנגען זענען זיי זיך אַרוים הינטער דער שטאָדט, צווישען הימעל און פֿעלד, מען געהט און מען רעדט, אָבער פּונקט ווי זיי וואָלטען וויסען אז דאָס געשפּרעך איז ניט געמאַכט, שווייגען זיי ליעבער.

פֿאַר נאַכט, די לעצטע שטראַהלען פֿון דער זון בעגאָלדענען און בעלייכטען די קעפּליך פֿון די זאַנגען.

אַ ווינטיל בלאָזט, בייגט איין די קעפּליך פֿון די הויכע זאַנגען, און זיי שושקען זיך בסוד.

עס הויבט אָן נאַכט צו ווערען.

און וואָס אַמאָל ווערט מעהר פֿינסטערער — טרויעריגער און ליעבער.

— שוין לאַנג האָב איך מיך געוואָלט דערקענען מיט דיר — פֿייגעלע.

— איך ווייס עס, דו ביזט מיר נאָכגעגאַנגען ווי א שאָטען.

זיי שווייגען.

— וואָס קלערסט דו פֿייגעלע?

— וואָס קלערסט דו אליעזר?

און פּלוצלינג לאָזט מען זיך גאָר אַריין אין אַ געשפּרעך פֿון פֿערשידענע זאַכען, מען שמועסט פֿון דעם, און יענעם, וואָס נאָר די וועלט האָט איין עק.

און טינקלער ווערט וואָס אַמאָל מיין, וואָס אַמאָל מעהר.

זיי האָבען זיך נעהנטער צוזאַמענגערוקט.

אָט, נעמט ער זי אָן ביי דער האַנד, זי גיט אַ ציטער, און וואָס אַמאָל מעהר גנב'ט זיך זיין האַנד אין איהר האַנד.

פּלוצלינג, ווי פֿון הימעל אראָבגעפֿלויגען, בייגט ער צו זיינע ליפּען צו איהר באַק און גיט איהר אַ קוש.

א פֿייגעל איז פֿאַרביי געפֿלויגען.

זי גיט אַ לייכטען ציטער, נעמט אַהיים איהר האַנד פֿון זיינע, און ווערט אַ ביסיל ברוגז'דיג.

ער ווייסט, אז עס איז ניר אַזוי געמאַכט.

אָבער באַלד ווערט ווידער גוט, אַזוי ווי זי וואָלט געהאַט פֿון אַלעם פֿערגעסען.

און אזוי פערברענגט מען א פאר שעה, יעדען טאג גנב'ט מען זיך ארויס הינטער דער שטאדט.

און אליעזר הויבט אן אריינצוגעהן צו איהרע עלטערן אין הויז, דאס ערשטע מאל מיט איין אויסריד, ער האט ארבייט פאר פייגעלע'ן, און דערנאך קומט מען ווי דער שטייגער איז, געוואהר ווערען ווען די ארבייט וועט פארטיג זיין. און פייגעלע מאכט זיך ווי זי וואלט איהם גאר נישט געקענט ביז אהער, נישט געוואוסט ווער ער איז, און בעט איהם זיטצען.

אזוי לאנג, אזוי ברייט, אליעזר קומט שוין תמיד אריין, פראנק און פריי צו פייגעלע'ס עלטערן, נישט שוין מיט קיין אויסרייד.

פייגעלע'ס עלטערן האבען דערקענט אין איהם אז ער איז איין ארענטליכער יונגער מאן, א בעל מלאכה, און פערדינט שען געלד, זיי וויסען גאנץ גוט צו וואס דער יונגער מאן קומט צו א יונג מיידיל... מאכען זיי זיך ניט וויסענדיג, טראכטענדיג זיך: לאזען זיך די קינדער בעסער דערקענען וועט מען דערנאך שמועסען.

ביי נאכט, א קליין שטיביל, ווייסע אבגעשמירטע ווענד, בעהאנגען מיט פערד־שידענע בילדער. א נייער טיש, אויף וועלכען עס ברענט א גרויסער בליטץ־לאמפ — דערביי זיצט פייגעלע און נייט, ביי איהר זייט זיצט אליעזר און לעזט שמר'ס א ראמאן.

די טאטע מאמע אנגעהארעוועט פון א גאנצען טאג ארבייט, — שלאפען אויף זייערע געלעגערס דארט אונטער די פארהאנג וואס פערשטעלט א האלבע שטוב.

און זיי זיצען, ביידע — נאר טהייל מאל מאכט ער זיך א געלעכטער, נעמט זי אן פאר דער האנד, אויסרופענדיג מיט א שמייכעלע: פייגעלע!

— וואס ווילסט דו, נארעלע?

— גאר נישט.

און זי נייט ווייטער, טראכט ביי זיך: ביסט אין די לאפקע, געפאקט דיך, נאר מיין נישט דו נעמסט איינע פונדער גאס אראב, ווי זי שטעהט און געהט, נאך אכטציג רובעל פעהלט אין גאנצען צו די דריי הונדערט רובעל אין באנק.

און זי וויזט איהם — איהר אויסשטייער, די העמדער, און דאס בעטגעוואנד — וואס זי האט שוין די האלבע ליעגען פערטיג אין קאסטען.

---

און נעהנטער זענען זיי געווארען איינער צום צווייטען, וואס אמאל, וואס אמאל מעהר, אזוי אז אלע האבען זיי שוין בעטראכט פאר התן כלה, וואס מען וועט אין א לאדע טאג תנאים שרייבען.

אזא נחת, אזא שמחה, אזא גליק, אזא גליק האט איהר טאכטער געטראפען, אזא יונגער מאן, אזא גאלדענער יונגער מאן!

ר' יעקב, איהר פאטער, איז שוין א ייד אין די יאהרען, א איינגעהארעוועטער דארפסגעהער, געהט קרום מיט דעם זאק אלטוואר'ג וואס איז שטענדיג אויף זיינע פלייצעס. א שטיקיל שמחה, איין שטיקיל נחת דערלעבט אין זיין לעבען, געליבט צו גאט. —

אַלע פֿרעהען זיך, צו מייסטען פֿייגעלע, די באַקען זענען פֿרישער און רויטער־געוואָרען, די אויגען טינקלער און פֿייערדיגער.

און אָט זיצט זי בײַ דער מאַשין און נייט; אין דער גאַנצער שטוב הילעכט איהר קול:

„און וואָס איך האָב געוואָלט האָב איך אויסגעפֿיהרט.

„זאָל איך אזוי לעבען.

„איך האָב געוואָלט אַ שענעם חתן.

„האָט מיר גאָט געגעבען.״

און פֿייגעלע זיצט און נייט, נייט און זינגט.

אויף דער נאַכט קומט אליעזר.

— נו וואָס מאַכסט דו?

— וואָס זאָל מען מאַכען?

— וואַרט וועל איך דיר עפּיס ווייזען.

— וואָס דאָס?

און זי דערהויבט זיך פֿון איהר אָרט, געהט צו צום קאַסטען וואָס שטעהט בײַם ווינקעלע פֿון אויבען, נעמט עפּיס אַרויס און בעהאַלט זיך הינטער דעם פֿאַרטוך.

— וואָס האָסטו דאָרט? זאָגט ער מיט אַ געלעכטעריל.

— וואָס אײַלסטו דיך אזוי, זאָגט זי און זעצט זיך אנידער נעבען איהם, נעמט אַרויס פֿון הינטער דעם פֿאַרטוך אַ בילד אויסגענייט, מיט ווילעטישקע „אָדם און חַוָה״, און ווײַזט איהם דאָס, זאָגענדיג:

— נו, זעהסט, דאָס האָט מיר אַ מיידיל אַ חבר׳טע געמאַכט פֿאַר מיר, פֿאַר אונז.

— אין אונזער שטיביל וועל איך דאָס אויפֿהענגען אויף דער וואַנד, פֿאַר די בעטען.

— פֿאַר מײַן בעט, צי פֿאַר דײַנס?

— וואַרט נור אליעזר — וועסט זעהען וועל איך אויספּוטצען אַ שטיביל אַ גַן־עדן זאָג איך דיר, אַ פּשוט׳עס, נאָר אַלס וועט מוזען שפּיגלען, אַ מְחַיֶה וועט זײַן דרינען אַרײַן צו געהן.

— און אַלע נאַכט, נאָך דער אַרבייט, וועלען מיר בײדע זיצען, איינער נעבען אנדערען — אָט ווי איצט — און ער נעמט זי אַרום.

— און דו וועסט מיר פֿון אַלעם דערצעהלען — דערצעהלען פֿון אַלעם, זאָגט זי, אַרויפֿלייגענדיג איהר האַנד אויף זײַן אַקסעל, און מיט די צווייטע איהם אָננעמענדיג פֿאַר׳ן גאָמבע, און קוקען איהם טיעף אין פּנים אַרײַן.

און זיי איז אזוי גוט אַזוי פֿריילין אויפֿ׳ן הערצען.

און אַלס אַרום אין שטוב איז עפּיס איבער־געצווינגען מיט אַ גוטסקייט, עפּיס אַ ווייכע ליעבליכע זאַך — ליגט אויסגעגאָסען אויף אַלעס אין הַדו״ל, אויף די ווענד — אויף דעם טישיל, אַזוי ווי אַלס וואָלט איהר צוגעווינקען, גערעדט איהר — צום האַרצען ליעבע טרײַע ווערטער.

און בײדע שווײַגען שטיל — און פֿערטיעפֿען זיך בײדע אין זייערע געדאַנקען.

— זעהסט, זאָגט זי צו איהם. אַרויסגעמענדיג פון דעם קאַסטען דאָס ביכיל פון פאַסט — צוויי הונדערט און פערציג רובעל שוין. עס וועט נאָך זיין ביז דריי הונדערט רובעל. זאָלסט דערנאָך נישט האָבען אויסצורעדען: „גענומען דיך בְּחִנָם, אַזוי ווי דו ביסט געשטאַנען און געגאַנגען".

— נעה, ביזט אַ שלעכטע, איך בין מיט דיר בְּרוֹגֶז, פייגעלע, בייזערט ער זיך.

— פאַר וואָס? ווייל איך זאָג דיר דעם אמת אין די אויגען, זאָגט זי קוקענדיג איהם אין פנים אַריין, מיט אַ געלעכטעריל.

און ער בייגט אוועק דעם קאָפּ, מאַכט זיך ברוגז.

— נעה שוין נאַרילע, דו האָסט עַגְמַת-נֶפֶשׁ. איך האָב דאָך מיר נור געמאַכט אויף אַ געלעכטער. דו פערשטעהסט נישט?

אַזוי רעדען זיי ביז עס קומט די צייט ווען די עלטערן זאָגען עס איז שוין צייט געהן שלאָפען און די יונגע פאַר געזעגענען זיך.

*

ר' יעקב, פייגעלעס פאָטער, ווערט קראַנק.

אין אָנהויב ווינטער איז עס געוועזען, דער ווינטער האַלט מִלְחָמָה מיט'ן זומער דער שיקט אַ שני, דער צווייטער — אַ זון, ציגעהט דער שני, עס ווערט אַ בלאָטע און צו מייסטען גיסען רעגען ווי מיט ציבערס.

אין אַזעלכע וועטערס איז דער אַלטער קראַנקער. ער ווערט שלאָפער אויף די פיס, לייגט זיך אין בעט אַריין.

אויף קיין ברויט איז נישט דאָ, אויך נישט אויף קיין קיילען, באַרגט דערווייל פייגעלע.

און דער אַלטער ליגט אין בעט אין הוסט. דאָס אַלטע בלייבע צוזאַמענגעצויגענע פנים ווערט הייטליך, די ציהן בעווייזען זיך צווישען די צוויי צוזאַמענגעצויגענע ליפּען און די בלַאָהע אָדערן שטאַרען זיך אַרויס פון די שלעפען.

מען שיקט נאָך דעם רופא. דער פערשרייבט אַ מעדעצין.

די מאַמע וויל דאָס לעצטע קישען פערזעצען, לאָזט פייגעלע נישט. נעמט אַב פון שְׁבִיעִית — קלעקט דאָס נישט — פערזעצט זי איהר זשאַקעט, פון נַדַן וועט זי דאָך חָלִילָה נישט ריהרען.

און ער, אליעזר קומט אַריין יעדע נאַכט.

ביי דעם בעקאַנטען טישיל, ביי דער שיין פון דער בעקאַנטער בלייך-לאָמפּ זיצען זיי ביידע.

— וואָס ביסט דו אַזוי טרויעריג, פייגעלע?

— און וואָס האָב איך פרעהליכער צו זיין, דער טאַטע איז נעביך אַזוי קראַנק.

— גאָט וועט העלפען, פייגעלע. ער וועט געזונד ווערען.

— שוין נישט קיין פיער וואָכען קיין פּרוּטָה אין פאַסט אַריינגעגעבען.

— וואָס טויג דיר געלד?

— וואָס הייסט וואָס טויג מיר געלד? פרעגט זי דערשראָקען אזוי ווי זי וואָלט פאר עפּיס געציטערט — בחנם וועסט דו מיך נעמען?

— ווי הייסט בחנם. דו ביסט ביי מיר אַלעס געלד ווערט, מיין גאַנץ לעבען. וואָס טויג מיר געלד. אַט דו זעהסט די פינף פינגער, זיי קענען אַלס פערדינען. צוויי הונדערט רובעל האָב איך ליגען אין פּאָסט, אָנגעזאמעלט מיר פון מיין אַרבייט. וואָס דאַרף איך מעהר?

זי שווייגט אביסיל און לאָזט אַראָב די אויגען — און די מאַמע דיינע? זאָגט זי שטיל.

— איך בעט דיך, דו האָסט עפּיס התונה מיט מיין מאַמען, צי מיט מיר האָסט דו התונה, און וואָס געהט עס דיך אָן מיין מאַמע?

זי שווייגט.

— איך זאָג דיר נאָך אמאָל, איך נעם דיך אזוי ווי דו שטעהסט און געהסט — אַט אזוי — און דו נעמסט מיך אויך אַזוי — ווילסט דו?

זי נעמט דעם עק פאַרטוך צו די אויגען און וויינט אין דער שטיל.

שטיל איז אומעטום. דער לאָמפּ פּערישפּריט זיין העלע ליכטיגקייט אין דעם שטיבּיל — און זייער שאָטען פּערשפּרייט זיך אויף די ווענד.

פון הינטער די פאָרהאַנג ווערט געהערט דאָס שווערע שלאָפען פון די אַלטע לייט.

און איהר קאָפּ איז אָנגעשפּאַרט אויף זיינע אַקסלען און איהרע געדיכטע שוואַרצע האָר פערשטעלען זיין געזיכט.

זי וויינט אין דער שטיל: ווי גוט ביסט דו, אליעזר!

און זי עפענט איהר גאַנץ האַרץ פאַר איהם, און דערצעהלט איהם פון אַלעם ווי עס געהט זיי היינט. ווי שלעכט עס איז זיי היינט. אַלס האָבען זיי שוין פערזעצט — און אויף צו מאָרגענס איז קיין גראָשען נישט דאָ.

ער נעמט זי ליעבליך אַרום, און מיט דעם עק פון איהר פאַרטוך ווישט ער איהר די טרעהרען אָב פון די באַקען — זאָגענדיג:

— וויין נישט, פייגעלע, וויין נישט. עס וועט אַלס גוט ווערען.

— און איך זאָג דיר, אז דו זאָלסט מאָרגען געהן אין פּאָסט אָבנעמען עפּיס געלד און געבען אויף אַלעס, ביז גאָט וועט העלפען, דער טאַטע וועט געזונד ווערען און קענען פערדינען, דענסטמאָל...

— דענסטמאָל, הורט זי איבער אין דער שטיל.

— דענסטמאָל וועט שוין גוט זיין, גיט ער איהר אַ ווינק מיט די אויגען.

— אַזוי ווי דו שטעהסט און געהסט — שעפּטשען זיינע ליפּען אין דער שטיל.

און זי קוקט אויף איהם — אַ שמייכעל ליפּט איבער איהר פּנים.

און איהר איז אַזוי גוט, אזוי גוט...

צו מאָרגענס איז פייגעלע דאָס ערשטע מאָל אריין אין פּאָסט מיט'ן ביכיל, אָבּ־גענומען א פּאָר רובעל און אהיימגעטראָגען די מוטער.

די מוטער האָט שטאַרק אָבגעזיפצט, געמאכט א זויערע מינע — פערקניייטשט דאָס פּנים און אַראָבגעצויגען דאָס קאָפּטיכיל ביז איבער די אויגען.

און דער אלטער ר' יעקב וואָס ליגט אין בעט, האָט זיך מיט דעם פּנים אומגע־קערט צום וואַנד.

ר' יעקב ווייסט וואָס פאר א געלד דאָס איז. זיין איינציג קינד'ס אייגנעהאָרעוועטע פּאָר רובעל. אַנדערע טאַטעס געבען קינדער און ער נעמט.

און ביי איהם זעהט עס אויס ווי ער בע'גזל'ט זיי, די יונגע מענשען. איהם קומט שוין נישט צו לעבען און פאַר'ן טויט בערויבט ער זיי...

און קלערענדיג דאָס, פערגלייזען זיך זיינע אויגען, די בלאַהע אָדערן פון די שלע־פען קריכען מעהר ארויס און דאָס בלאַסע פּנים ווערט אָנגעלאָפען מיט בלוט.

דאָרט, דאָס פּנים איינגעגראָבען. צו דער וואַנד ליגט ער און קלערט אַזעלכע געד־דאנקען.

ער ווייסט אַז ער איז דער גאַנצער שולדיגער פון די קינדער'ס גליק... און ער בעט אויפ'ן טויט.

---

און זי, פייגעלע, וואָלט עפּיס געוואָלט מיט אַמאָל בעגליקט ווערען. א סך געלד צו האָבען, רייך צו ווערען, צו זיין די גרעסטע גביר'טע.

און אָט, למשל, ווען זי האָט האָט'ש איצט טויזענד רובעל און ער קומט אריין — נאַ, נאַ דיר דאָס גאַנצע אַוועק. זעה פייגעלע איז געטריי — נאַ דיר, און זאָג נישט, בהנם נעמסט דו מיך אַהן נדן, ווי איך שטעה און געה...

*

ביים טאַטענס בעט זיצען זיי ביידע, זי מיט איהר אליעזר.

און דאָס האַרץ ווערט איהר פול מיט נחת — עפּיס פיהלט זי ביי זיך א פערגעי־ניגען וואָס זי האָט עס נאָך קיינמאָל נישט געפיהלט — און א פולע טרעהר בעוויזט זיך איהר אויף די באַקען.

זי זיצט און וויינט, פערשטעלט זיך דאָס פּנים מיט'ן פאַרטוך.

און ער נעמט זי ליעבליך אָן ביי דער האַנד — זאָגענדיג אלס מיט זיין ליעב זיס קול: פייגעלע, הער שוין אויף, פייגעלע, איך בעט דיך.

און דער טאַטע ליגט אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צום וואַנד און דאָס בעוועגען פון זיין האַרץ הערט זיך אין דער שטיל.

און זיי זיצען. זי פיהלט צו איהם א געטרייטשאַפט, זי פיהלט אַז זי קען זיך אויף איהם פערלאָזען.

זי זיצט און שלינגט זיינע ווערטער — זי פיהלט ווי ער קייקעלט איהר אראָב אַלע שווערע שטיינער פון הארצען.

דער טאַטע האָט זיך אומגעדרעהט, געוואָרפֿען אַ בליק אויף זיי. אויפֿ'ן טאַטענס בלאַסע פּנים איז עפּיס אויסגעגאָסען אַזאַ ליעבער שמייכעל, ווי עס וואָלט זאָגען: האָט נישט קיין מורא, קינדערליך. איך בין מסכים דערויף. מסכים מיט מיין גאַנץ האַרץ.

און פֿיגעלע פֿיהלט זיך אַזוי גוט, אַזוי גוט...

*

דער טאַטע איז נאָך קראַנק, און פֿייגעלע נעמט אָב איין הובעל נאָכ'ן אַנדערן, איין פֿינף־הובעל'דיגען נאָכ'ן צווייטען.

דער אַלטער ר' יעקב ליגט אין בעט און קלערט. ביטערע געדאַנקען פּיקען אין זיין קאָפּ.

דאָס פּנים זיינס ווערט בלאַסער, איינגעקנייטשטער, שוואַכער און שוואַבער. ער פֿיהלט ביי זיך ווי די כּחות געהען איהם אויס.

פֿייגעלע נעמט אָב פֿון דער פּאָסט די מאַרקעס, און ביכיל ווערען ווינציגער, ווינד ציגער. פֿייגעלע שפּירט אַז עס וועט שוין באַלד נישט זיין.

דער אַלטער ר' יעקב ווינשט זיך אין דער שטיל — אַלע ווייל... ער וואָלט שוין נישט אַזוי פֿיעל געבוֹיכט... ער וואָלט שוין נישט קיינעם געשטערט...

און ער שפּייט, דער אַלטער ר' יעקב, טראָפּען בלוט, טראָפּען בלוט. עס שעפּט זיך אויס — און די מאַרקעס — קלעבען זיך פֿון ביכיל אָב...

דער אַלטער ר' יעקב האָט דעם לעצטען טראָפּען בלוט פֿון זיך אַרויסגעגעבען, און פֿייגעלע דעם לעצטען הובעל פֿון פּאָסט...

יענעם טאָג איז דער אַלטער געשטאָרבען... און אין דעמזעלבען טאָג איז אויף דעם ביכיל אין פּאָסט קיין גראָשען נדן געבליבען... פֿייגעלע האָט אין איין טאָג פֿער־לאָרען איהר טאַטען מיט איהר נדן...

*

אין אַ צייט אַרום האָט אליעזר התונה געהאַט, אָבער ניט מיט פֿייגעלען. זיין מאַמע האָט ניט דערלאָזט איהר זוהן זאָל נעמען אַ כּלה „ווי זי שטעהט און געהט".

פֿייגעלע זיצט ווידער ביי איהר בליינדלאָמפּ און נייט און נייט ביז שפּעט אין דער נאַכט און פֿון יעדען שטאָך מיט דער נאָדעל קומט עפּיס צו אין איהר ניי ביכיל אין פּאָסט.

דער נדן מוז איצט זיין גרעסער ווי פֿריהער, ווייל צוזאַמען מיט דעם ביכיל וואַקסט דער נדן קומט אויך אַלע מאָל צו גרויע האָר אויף איהר שוואַרצען קאָפּ.

וואָס מעהר נדן אין ביכיל איז זי געוויכערט אַז מען וועט זי שוין מעהר גיט אָב־נאַרען.

און פֿייגעלע ביי איהר בליינדלאָמפּ שטעכט אין שטעכט גיכער גיכער מיט איהר נאָדעל...

שלום אַ ש.

# דאס כַּפָּרָה־הִיהְנְדִיל.

ערצעהלונג אויס דעם יודישען לעבען אין מאראָקאָ.

פֿון

## האָל קען.

---

IX.

צו מאָרגענס האָט ישראל געוואָלט צוריק אַהיים. אידער ער איז פֿון דאָרט אוועקגעפֿאָהרען האָט איהם מאַהדי געזאָגט די ווערטער:

— פֿערלאַנג נישט נור דאָס, וואָס עהרליך איז; טהו קיינעם קיין עַוְלָה נישט בעשולדיג נישט קיינעם אומזיסט; טהייל זיך מיט אָרימע.

ווען עס וואָלט איהם עמיץ אין טעטוען אַזינע עֵצוֹת געגעבען, וואָלט ער איהם אַוודאי געהאלטען פֿאַר אַ נאַר, אַצונד אָבער, נאָך דעם, וואָס ער האָט געזעהן אין על-קאַזאַר, וואצצען, מעקינעץ און פֿעץ, זענען די ווערטער ביי איהם געוועזען אַ גרויסע חכמה, און ער האָט בעשלאָסען זיך אויפֿצופֿיהרען, ווי מאַהדי האָט איהם געהייסען.

אַלס הקדמה צו דעם נייעם לעבען, וואָס ער האָט געוואָלט אָנהייבען צו פֿיהרען, האָט ער בעפֿרייט זיינע דיענער און זיי אַוועקגעשיקט פֿון זיך מיט די מוילאייזלען און מיט אַלעם, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך; איינער אַליין, צו פֿוס האָט ער געוואָלט צוריק אַהיים.

די דיענער האָבען אין אַנפֿאַנג זיך אַליין נישט געוואָלט צו גלויבען, דערנאָך אָבער זענען זיי זיך צולאָפֿען מיט אַ געלעכטער אין פֿערשידענע זייטען און האָבען אומעטום דערצעהלט, אַז דער סולטאַן פֿון פֿעץ האָט ייער הערר צוגענומען אַלעס, וואָס ער האָט געהאַט און ער איז געבליבען איינער אַליין אָהן אַ גראָשען געלד.

ישראל האָט פֿון דעם אַלעם נישט געוואוסט און איז מיט שמחה געגאַנגען צוריק אַהיים. פֿון דרייהונדערט דאָלאַר, וואָס ער האָט אין דערהיים מיט זיך מיטגענומען, האָט ער זיך קוים דרייסיג איבערגעלאָזט, האָטש ער האָט נאָך געהאַט פֿינף טאָג רייזע אַהיים.

ער האָט בעשלאָסען צו געהן ביי טאָג, האָטש עס זענען דאַמאָלס געוועזען שרעקליכע היצען. גאָט אַליין מוז זיין אַ עדות, אַז קיינער האָט נאָך אויף זיך אזא תשובה

גישט געגומען, ווי ער. גאָט מוז פֿון זיין געמיין אַראָבנעהמען דעם גורל, וואָס ער האָט אויף איהר געלעגט; ער וועט זי מיט תשובה ביי גאָט אָבקויפֿען. ער איז ביי זיך שטאַלץ געוועזען פֿון דעם אַלעם, וואָס ער האָט זיך פֿאַרגענומען צו טהון, נאָר די גאוה האָט פֿון איהם אָבגעטרעטען צוקוקענדיג דריי זאַכען, ביי זיין אַריינגעהן קיין פֿע״ן.

געהענדיג צום צפֿון־טהויער, ביי די מויערן פֿון דעם סולטאַנס האַרעם, האָט ער דערזעהן אַ טאָג פֿון שקלאַפֿען. צוויי סוחרים האָבען אויסגעשטעלט פֿערצעהן מוריש מיידליך, וואָס זענען ערשט אָנגעקומען פֿון זודאן. אָן עטליכע האָט מען נאָך דערקענט דאָס מיעדקייט פֿון וויטען וועג, אָן אַנדערע האָט מען דערקענט, אַז זיי זענען שטאַלץ פֿון זייער מוריש שענהייט און פֿון די בלאַנקענדע בלעכליך און גלעזליך, מיט וועלכע די סוחרים האָבען זיי בעהאַנגען.

מען האָט זיי אויסגעשטעלט שורות־ווייז און געוואַרט אויף די עאונאַכען (סריסים), וועלכע האָבען געזאָלט קומען און פֿאַר די ליצטאַציע אויסקלויבען עטליכע פֿאַר דעם סולטאַנס וועגען. ענדליך זענען געקומען צוויי עאונאַכען, וואָס האָבען געהאַט פּנים׳ער, ווי אַלטע ווייבער און האָבען אויסגעקליבען צוויי אָדער דריי גראָבע, פֿעטע מיידליך. דערנאָך האָבען די סוחרים אויסגעשטעלט צו פֿערקויפֿען אַ זיבצעהניעהריג מיידיל.

דאָס בלוט האָט געזאָטען אין ישׂראלי׳ן זעהענדיג ווי די סוחרים בעטאַפּען דאָס מיידיל פֿון אַלע זייטען און שטעלען איהר די אונפֿערשעהמסטע פֿראַגען. מיט אַ שווערען זיפֿץ האָט ער זיך אויסגעדרעהט פֿון די, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען, נאָר אינדעם קומט אָנצולויפֿען אַ אַלטער, אָרימער מויר און זעהענדיג דאָס מיידיל, האָט ער שרעקליך אָנגעהויבען שרייען און אַוועקשטויסענדיג די פֿערזאַמעלטע, האָט ער געהאַפּט דאָס מיידיל אין זיינע אָרמען.

עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דער אַלטער איז געוועזען אַ בעפֿרייטער שקלאַף, וועלכען מען האָט פֿאַר עטליכע יאָהר געהאַט אַוועקגערויבט אין זודאן פֿון ווייב, וואָס איז דערווייל געשטאָרבען און פֿון אַ קליינע טאָכטער, וועלכע ער האָט דאָ טאַקי דערקענט.

די מעשׂה, וואָס דער אַלטער האָט דערצעהלט מיט אַ ריהרענדע שטימע, האָט ערוועקט רחמנות אין אַלע פֿערזאַמעלטעס הערצער. ישׂראל האָט אַרויסגענומען צוואַנציג דאָלאַר און האָט געגעבען דעם אַלטען, אויסצוקויפֿען זיין טאָכטער, אַנדערע האָבען אויך געגעבען און דאָס מיידיל איז באַלד פֿריי געוואָרען און געפֿאַלען דעם פֿאָטער אין די אָרמען אַריין.

דעם אָרימען מויר זענען גערינען טרעהרען אויף זיין שוואַרץ, דאַר פּנים; ער איז צוגעגאַנגען צו ישׂראלי׳ן און צו איהם געזאָגט:

— זאָל דיך אַללאַה בענטשען, ווייסער ברודער, און אויב דו האָסט אַ קינד, זאָלסט דו אַלע מאָל זיין דערמיט צוזאַמען.

דעם אַלטענס ברכה האָט ישׂראלי׳ן זעהר געריהרט און ער האָט געוואָלט פֿון דאָרט אַוועקגעהן אין שטאָדט אַריין, נאָר קוים ער איז עטליכע טריט געגאַנגען האָט ער דערזעהן איינעם אין אַ בלויען מאַנטעל מיט אַ רויט, בוימוואָלען טיכיל אַרום דעם קאָפּ,

אודאי, א שפאניער, פיהרט א אייזעל, וואס איז בעלאדענט מיט האליץ. ער האט גענלעט דעם אייזעל, ׳נישט געיאגט. הורכגעהענדיג איבער א בריקיל, איז דער אייזעל אריינגעפאלען אין גרוב. דער שפאניער האט געשריען און אראבער זענען אנגעקומען, איהם געהאלפען ארויסציהען דעם אייזעל פון גרוב. ער האט אבער שוין נישט געלעבט.

דער שפאניער האט אנידערגעקניעט און גענלעט דעם אייזעל; ער האט זיך גאר נישט געוואלט צוגליובען, אז ער לעבט שוין נישט. די אראבער האבען דערוויייל פון איהם געלאכט אהן שום רחמנות.

אינדעם איז אנגעקומען א זעכצעהן, אדער א זיבצעהניעהריג אבגעריסען, שמוציג מיידיל און זעהענדיג וואס דא איז געווארען, האט זי אנגעהויבען דעם אלטען צו שעלטען:

— זאל אללאה דיין נאמען אויסמעקען, גנב! דו האסט גע׳הרג׳עט דעם ארימען אייזעל. דו זאלסט באלד און גיך אזוי פגר׳ן, הונד איינער!

ישראל האט נישט געקענט איינהאלטען זיין כעס און האט געשריען:

— שווייג! ווי קענסט דו שעלטען א מענש, ביטעת א אונגליק האט איהם געטראפען?

ישראל האט געוואהר געווארען, אז דאס מיידיל איז געוועזען דעם שפאניערס טאכטער. זי איז אוועקגעגאנגען שעלטענדיג ישראל׳ן און זיין פאטער און זידען אריין. דאמאלס האט דער שפאניער געזאגט צו ישראל׳ן:

— דו ביסט זעהר א גוטער מענש. זאל דיך גאט בענשען! איך בין נישט א גוטער און האב נישט אזוי געלעבט ווי גאט האט געבאטען, ליידר איך טאקי: מיין אייגען קינד שעלט און זידעלט מיך. זי וואלט בעסער געשטארבען, ווען זי איז געלעגען אין דער וויגע, איידער זי האט געקענט שעלטען!

ישראל׳ן האבען זיך די האר אויף דעם קאפ אויפגעשטעלט. אה, ניין, ניין! ער איז נאך נישט דער אונגליקליכסטער אויף דער וועלט. ערגער איז דעם, וואס מען רייסט איהם אוועק פון ווייב און קינד און דערנאך שטארבט איהם דאס ווייב און זיין קינד שטעלט מען אויס צו פערקויפען! ערגער איז דעם פאטער, וואס זיין אייגען קינד שעלט און זידעלט איהם!

קומענדיג צו דעם טהויער פון דער שטאדט, האט ער געזעהן א קבר פון א „היילינען" מהמד׳אנער, אויף וועלכען עס איז געשטאנען א קליינער בוים מיט פיער ווייסע ווענד און א ווייסען פאהן אן שפיץ. פלוצלינג איז פון דארט ארויסגעשפרונגען א מענש, וואס איז געוועזען געקליידט אין שמוציגע שמאטעס און זיינע האר פון קאפ זענען געווען צעפלאטען. דערזעהענדיג ישראל׳ן האט ער געמאכט משונה׳דיגע היות און געשריען מיט א ווילד קול. ער איז געוועזען משוגע און דעריבער האבען איהם די מהמד׳אנער געהאלטען פאר א היילינען און האבען איהם געגעבען אלס דירה דעם בוים, וואס איז געוועזען אויף דעם „היילינעס" קבר.

נעמי איז אליזא נישט געוועזען די אונגליקליכסטע פון אלע מענשען!... משוגעים זענען אונגליקליכער פון איהר.

X.

ווען ישראל איז אַרויס פֿון דער שטאָדט פֿעין, האָט ער קוים געהאַט ביי זיך זיי־בען דאַלאַר. אין צוויי טאָג ארום איז ער געקומען קיין וואצצען, פונקט ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, און די שטאָדט האָט פונקט אַזוי אויסגעזעהן, ווי דאַמאָלס ווען ער איז דאָרט געוועזען דאָס ערשטע מאָל. ביי די ברונעס זענען געשטאַנען די וואַסער־טרעגער מיט די לעדערנע פענהערס (בלאָזען); אויף די גאַסען זענען געזעסען פֿרויען מיט קינ־דער אויף די קניען; נישט וויט פֿון זיי זענען געזעסען מאַנסבילדער מיט די לולקעס און דער שמיש פֿון מעטשעט האָט געקוקט, אויב די זון געהט שוין אין גאַנצען אונטער. אַלעס איז געוועזען דאָסזעלבע, אויסער דעם, וואָס אַנבעלאַנגט ישראל'ן. דער גרויסער שעדיף האָט אַצונד אויף איהם נישט געוואַרט, אום זיך צו בייטען מיט איהם אויף די פֿערד און די סטראַזשׁ פֿון מויערן האָט איהם נישט בעגלייט דורכגעהענדיג די שטאָדט. מיט ראַנירטע פֿיס, בעדעקט מיט שטויב און שוויס, האָט ער זיך קוים געשלעפּט דורך די גאַסען, קיינער האָט איהם נישט דערקענט און נישט דערזעהן. נור איין אָבגעריסענער אַראַבער, וואָס האָט זיך געקיהלט זיין ברענעדיג פּנים מיט וואַסער, וואָס אַ וואַסער־טרעגער האָט איהם געגאָסען אויף די הענד, האָט, דערזעהענדיג ישראל'ן, געשריען צו איהם מיט כּעס און שׂנאה:

— הונד! יוד! די פּאַנטאָפֿעל!

גענאַכטיגט האָט ישראל אין איינע פֿון די דריי יודענגאַסען אין וואצצען. דער צימער איז געוועזען ווי אַ ענגע שטייג אין אַ פֿיערעקיגען הויף, אין וועלכען עס זענען געוועזען פֿיעל אַזוינע שטייגען. געשלאָפֿען האָט ער אויף שטרוי. איבער די טיהר פֿון דעם צימער איז געוועזען געמאָלט אַ פֿלאַמענדיגע האַנד און אונטער איהר איז געוועזען אויפֿגעשריבען דער פּסוק „יִגְעַר ה׳ בְּךָ הַשָּׂטָן“, — דאָס איז געוועזען אַ שמירה פֿאַר שדים.

האָטש ישראל איז געלעגען אויף בלויז שטרוי, דאָך האָט ער די נאַכט זעהר גוט געשלאָפֿען און האָט געהאַט זעהר גוטע חלומות. ער האָט געזעהן אין חלום נעמי'ן, זי איז געוועזען מיט איהם צוזאַמען אין אַ קליינע שטוב, וואָס אַרום איהר זענען געוואַקסען די שענסטע בלומען און אין איהר האָט געוואָהנט ליעבע. נעמי'ס אויגען האָבען גע־בלאַנקט און זי האָט אַלעס געזעהן, איהרע אויערן האָבען געהערט און איהר מויל האָט גערעדט.

צוויי טאָג שפּעטער איז ער שוין געוועזען אין טעטוענער געגענד. און יעדע נאַכט האָט ער געהאַט דעמזעלבען חלום און גאַנצע טעג האָט ער נור פֿון איהם געקלערט. נישט איינמאָל האָט ער זיך בעמיהט אָן דעם חלום צו פֿערגעסען, וואָרום ער האָט גע־שפּירט, אַז ער ווערט קינדיש שפּילענדיג זיך מיט חלומות, און דאָך האָט ער מיט אונ־געדולד געוואַרט, אַז עס זאָל שוין נאַכט ווערען און עס זאָל זיך איהם ווידער חלומ'ן.

דורך דעם גרויסען פֿערגניגען, וואָס ער האָט געהאַט פֿון די זיסע חלומות, איז איהם אויך לייכטער געוועזען צו דערליידען די צרות און דעם צער, וואָס ער האָט גע־האַט אויף זיין רייזע. אַ באַנדע רייבער האָט איהם אַוועקגערויבט דאָס לעצטע ביסיל

געלד, וואָס ער האָט נאָך געהאַט און פֿון איהם אַראָבגעצויגען די מלבושים. עס האָט איהם געטראָפֿען אַ גליק, אַז אַ אַלטע מויערין האָט אויף איהם רחמנות בעקומען און איהם געשענקט אַ אַלטען מויערישען אַנצוג.

פֿון דעם אַלטען אַנצוג, איז איהם אָבער אויך אַ טובה אַרויסגעקומען, דורך איהם האָט ער געקענט געוואָהר ווערען, וואָס די פּראָווינץ־ליים רעדען פֿון איהם. מען האָט זיך פֿאַר איהם נישט געהיטען, קיינעם איז נישט איינגעפֿאַלען, אַז דער אָבגעריסענער מויר זאָל זיין ישראל אַליין.

ער האָט אַלזאָ געהערט, אַז בן־אבוי איז אַ זעהר גוטער און פיינער מאַן, נאָר דער אכזר, ישראל בן עליאל נייט איהם צו טהון אַהינע מעשים, וועלכע ער, זייער גנעדיגער באַשא, האָט אין הערצן זעהר פֿיינד.

ווען ישראל האָט נאָך געהאַט איין טאָג רייזע אַהיים, איז אַ שרעקליך אונגליק געקומען אויף דעם לאַנד, עס איז אָנגעקומען אַ היישעריק ווי אַ געדיכטער וואָלקען, האָט זיך בעזעצט אויף די ביימער, תבואה און גראָז און האָט אַלעס איבערגעלאָזט שוואַרץ און וויסט, ווי נאָך אַ פֿייער, דיזבע זענען אָרים געוואָרען, מיטלע מענשען זענען געוואָרען בעטלערס.

אין דעם אונגליק האָט מען אויך בעשולדיגט ישראל'ן, איבער ישראל'ס זינד — האָט דאָס פֿאָלק געזאָגט — בייזערט זיך אַללאַה אויף דעם גאַנצען לאַנד. דיזעלבע מענשען, וואָס האָבען איהם ערשט נישט לאַנג אויפֿגענומען מיט גרויסען כבוד און איהם צו פוס געלעגט זייערע מתנות, האָבען אַצונד אויף איהם אויסגערעדט, וואָס זיי האָבען נור געקענט.

אין אַ אָרים שטיבל, ביי אַ אַלטע מויערין, וואָס האָט איהם געשענקט אַ פֿלאַש פּוטערמילך, האָט זיך ישראל אָבגערוהט און געבעטען וואַסער. די אַלטע האָט איהם געגעבען־אַ טעפיל צומים (געברענטען האָבער, געקאָכט ווי קאַפֿע) און געפרעגט איב ער געהט נישט קיין טעטוען. ווען זי האָט פֿון איהם געהערט, אַז ער וואָהנט דאָרט, האָט זי טרויריג אויף איהם געקוקט און שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ צו איהם געזאָגט:

— זאָל דיך אַללאַה היטען, ברודער!

— פֿאַר וואָס ברויך מיך גאָט מעהר צו היטען פֿון אַנדערע? — האָט ער זיך געוואונדערט.

— וויל ווי איך זעה ביסט דו אָרים און געגען אָרימע לייט איז ער דאָך זעהר שלעכט...

ישראל האָט אַ ציטער געטהון.

— ווער? — האָט ער זי געפרעגט — ווער איז אַזוי שלעכט פֿאַר אָרימע?

— ווער? דו ווייסט נישט? ווער קען שלעכט זיין, אַז נישט דער יוד — ישראל? נאָר פּלוצלינג, ווי זי וואָלט זיך עפּיס דערמאַנט, האָט זי ווייטער געזאָגט:

— נאָר מען זאָגט, אַז מען איז שוין זיינער פטור אין דער סולטאַן האָט איהם זיין גאַנץ פֿערמעגען צוגענומען. געלויבט זאָל דאַפֿיר זיין אַללאַה!

ווי אַ מיק לויפט צום פּלאַס, אַזוי האָט איהם אויך זיי געצויגען צו שפּילען זיך מיט דעם פֿייער, וואָס האָט אין זיין הערצן געברענט.

— מען זאגט — האט ער געזאגט צו דער אלטער — אז אללאה האט איהם פערשאלטען און איהם געגעבען א טאכטער, וואס שדים האבען זי געבונדען.

— זי איז בלינד און טויב — האט די אלטע געענטפערט — נאר אללאה האט רחמנות אויף אונגליקליכע — ער נעהמט זי צו זיך.

— אללאה נעהמט זי צו? — האט ישראל געפרעגט מיט שרעק.

— זי איז קראנק ווייט איהר פאטער איז אוועק געפאהרען!

— זי איז קראנק?

— יא, מען האט נעכטען געזאגט, אז זי האלט ביי שטארבען.

ישראל האט א געשריי געטהון ווי א דערשאסענע חיה און איז ווי א משוגע'נער ארויסגעלאפען. ער איז געלאפען און געלאפען, וויפיעל ער האט נור כח געהאט. נאר אינדעם האט ער זיך אנדער געשטעלט און אנגעהויבען נאט צו בעטען:

— רבונו של עולם, האב רחמנות אויף מיר עלענדען! נעהם מיר צו אלעס, וואס איך פערמאג, נור דאס קינד לאז מיר איבער! דאס קינד, ווי עס איז זאל מיר לעבען! מעהר פערלאנג איך נישט פון דיר!

ער איז געלאפען ווייטער, גיך ווי א ווינד, נישט אומקוקענדיג זיך אויף קיין שום זאך, אפילו אן זיינע מוירישע, צעריסענע מלבושים האט ער פערגעסען ביז ער איז גער קומען צו די מויערן פון טעטוען.

די זון איז דאמאלס פונקט אונטערגעגאנגען און ער האט זיך אנדערגעשטעלט קלערען, וואס ער זאל טהון: אריינגעהן אין שטאדט געקליידט ווי א בעטלער, האט ער נישט געקענט, ווארטען ביז עס וועט פינסטער ווערען — האט זיך איהם אויך נישט געגלוסט. דאך האט ער דעם מוטה נישט געהאט צו ווייזען זיך אין שטאדט אין די מוירישע מלבושים. ער איז אלזא געלאפען אין די פעלדער אונטער די מויערן פון דער שטאדט, גערעדט צו זיך זעלבסט, געקריגט זיך, ווי א משוגע'נער.

ענדליך איז נאכט געווארען און ישראל האט זיך אריינגערוקט אין שטאדט אריין דורך דעם מוירישען טהויער, וואס איז נאך דאמאלס אפען געוועזען און מיט א שמאל געסיל געגאנגען ביז צו די יודישע טהייל שטאדט מאללאה, וואו די טהירען זענען שוין פערמאכט געוועזען.

ישראל האט אנגעקלאפט און אין קאיד'ס נאמען פערלאנגט, אז מען זאל איהם דאס טהויער עפנען.

— ישראל! — האט א געשריי געטהון איינער פון די מוירישע וועכטער, וואס האט איהם דאס טהויער געעפענט, זעהענדיג ווי ער איז געקליידט.

— האלט דאס מויל! — האט ישראל שטיל געזאגט און איז גיך פערשוואונדען געווארען.

ווען ער איז געקומען צו זיין הויז און געקלאפט ביי די טהיר, האט איהם די שווארצע האביבאה מיט פארזיכטיגקייט געעפענט, נאר דערזעהענדיג די מוירישע קליידער, האט זי פאר איהם צוריק די טהיר פערמאכט.

— האביבאה! — האט ער געשריען און ווייטער געקלאפט.

— ווער ביסט דו מויר? — האט איהם געפרעגט עלי, וואס איז דאמאלס ארויס־געגאנגען עפנען אום צו זעהן, ווער דאס איז.

— ישראל האט זיך געוואלט אריינשטופען, נאר עלי האט איהם ארויסגעשטופט און ווייטער געפרעגט:

— ווער ביסט דו? מויר?

— שטיל, עלי! איך בין דאס — ישראל!

עלי האט איהם אן דעם קול דערקענט, און האט א געשריי געטהון:

— א, גאט, וואס איז מיט דיר געוואָרען?

— וואס הערט זיך דא? וואס מאכט נעמי?

— דו האסט שוין געהערט? — האט עלי געפרעגט — עס איז שוין גוט.

— און נאך בעסער — האט עלי ווייטער דערצעהלט ישראל'ן, וואס איז פאר שמחה קוים געשטאנען אויף די פיס — א נס האט געשעהן בשעת דו ביסט נישט אין דער היים געוועזען.

— וואס? א נס?

— יא, זי הערט.

— וואס ערצעהלסט דו מיר ליגענד? — האט ישראל א געשריי געטהון און געווארפען עלי'ן אויף דער ערד. נאר באלד האט ער איהם צוריק אויפגעהויבען און מיט געוויין צו איהם געזאגט:

— זיי מיר מוחל, טהייערער עלי! איך בין געוועזען משוגע און נישט געוואוסט, וואס איך טהו! נאר זיי מיך נישט מצער, ווארים אויב עס איז אמת, וואס דו האסט גע־זאגט, איז אויף דער גאנצער וועלט נישט פאראנען קיין גליקליכערן מענש פון מיר.

— איך זאג אמת, פאטער — האט עלי געענטפערט ווינענדיג — קום וועסט דו זעהן!

---

## XI.

נעמי האט אלזא געהערט.

ווי אזוי איז דאס געשעהן?

די מעשה איז אזוי געוועזען: ווען ישראל איז אוועקגעפאהרען פון דער היים, איז נעמי א גאנצען טאג ארומגעגאנגען פון איין צימער אין אנדערן, ווי זי וואלט עפיס געזוכט און אבענד האבען זי דינסטען געפונען אין רית'ס צימער. קניענדיג ביי ישראל'ס שטוהל מיט דעם תנ"ך אין דער האנד.

צו מארגענס איז זי ענטלאפען פון דער היים און עלי, וואס איז זי נאכגעגאנגען זוכען, האט זי קוים געפונען ביי דעם קאיד'ס ווייב, וואס האט זי צו זיך אריינגענומען, זעהענדיג זי נעבען איהר פאלאץ.

פון דאמאלס אן האט נעמי שוין מעהר נישט געפרובט ארויסצוגעהן פון דער היים, זי איז אויך נישט געגאנגען פון איין צימער אין אנדערן, נאר זי האט זיך אנידער געזעצט און איז געזעסען אויף איין ארט, ווי זי וואלט געדולדיג אויף עפיס געווארט, זי

איז געוועזען בלאַס, רוהיג און שטיל, זי האָט נישט געלאַכט, ווי איהר געוואָהנהייט איז געוועזען און אויף איהר פּנים האָט מען דערקענט, אַז זי ווייס וואָס איהר פעהלט.

נור איין טאָג איז ד' געוואָרען אונרוהיג און איהר פּנים האָט געפלאַמט, איהרע הענד זענען געוועזען הייס, דאָס פּנים האָט איהר געברענט און איהרע בלינדע אויגען זענען רויט געוועזען.

עלי האָט גערופען דעם איינציגען דאָקטאָר, וואָס איז געוועזען אין טעטואן. דער דאָקטאָר האָט איהר געטאַפּט דעם דפק, די האַנד צוגעלעגט צום שטערן, אַנגעקוקט די צונג און געזאָגט, אַז די קראַנקע האָט היץ. ער האָט איהר געהייסען געבען הייזערפּואות און האָט פערשפּראָכען צו קומען מאָרגען.

ביי נאַכט האָט זיך די היץ נאָך מעהר געשטאַרקט, פאַטימא איז געשטאַנען ביי איהר בעט און אָהן אויפהער איהר געגעבען דעם קאָפּ מיט עסיג, האַביבאה האָט גע־דרימעלט ביים בעט און עלי איז געשטאַנען אונטער דער טהיר פון דער קראַנקענס צימער און אונטערגעהערט, וואָס דאָרט טהוט זיך.

אין דער פריה איז ווידער געקומען דער דאָקטאָר, ער האָט בעטראַכט די קראַנקע, געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ און געזאָגט, אַז אין צוויי טאָג אַרום ווען די היץ וועט זיין גוט ענטוויקעלט וועט ער ווידער קומען מיט דעם זעהר געריהמטען דאָקטאָר פון טאַנזשיר.

אין דער היץ האָט נעמי אַנגעהויבען אַרויסצולאָזען פון מויל פערשידענע קולות, וואָס האָטש זיי זענען נישט געוועזען קיין ווערטער, דאָך האָבען זיי מיט דעם בלויסען טאָן אויסגעדריקט פריה, שמערץ, אָדער בקשה.

עלי איז צוויי טאָג געלאָפען אונטער דער שטאָדט זעהן, אויב ישראל קומט נישט צוריק. נאָר ערשט אין דריטען טאָג האָט ער בעגעגענט ישראל'ס בעדינטע, וואָס האָבען איהם דערצעהלט די אַלטע ליגענד, אַז דער סולטאַן פון פעין האָט זייער העררן צוגענומען זיין גאַנץ פערמעגען און ער געהט אַרים צוריק אַהיים.

ביי עלי'ן איז ישראל געוועזען דער גרעסטער, עדעלסטער און שטאַרקסטער מאַן אויף דער וועלט און איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז עס איז גאָר קיין מעגליכקייט נישט, אַז ישראל זאָל פאַלען. דעריבער איז ער אויף די בעדינטע שרעקליך בייז געוואָרען, ער האָט זיי געזאָגט, אַז זיי זענען ליגנער, נידערטרעכטיגע גנבים, אויב זיי וועלען נאָך אַמאָל די ליגענד עמיצען דערצעהלען — האָט ער זיי געזאָגט — וועט ער געהן צום קאַיד און וועט זיי הייסען שלעפען איבער אַלע גאַסען ווי פּאַרשיווע הינד.

די בעדינטע זענען ענטלאָפען און האָבען שוין מורא געהאַט די ליגענד צו איבער־חזר'ן. אַז מען האָט זיי אין שטאָדט געפרעגט אויף זייער העררן, האָבען זיי גאָר נישט געענטפערט.

בשעת עלי האָט אָבגעוואַרט ישראל'ן אונטער דער שטאָדט, איז צו נעמי'ן גע־קומען דער געריהמטער דאָקטאָר פון טאַנזשיר, דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז עס איז קיין שום האָפנונג נישט דאָ, אַז זי זאָל געזונד ווערען, און אויב דער פאָטער וועט נישט צוריקקומען אין אַ מעת־לעת, וועט ער זי שוין נישט טרעפען לעבעדיג.

נעמי איז אָבער נישט געשטאָרבען. די היץ האָט איהר איינציגוויז אָבגעטרעטען, איהר פּנים איז ווידער בלאַס געוואָרען. פּלוצלינג איז איהר פון איין אויער אַרויסגערינען

עפּיס א מין פליסענדעס, ווי ווייס וואסער, דערנאך האט זי אויפגעהויבען דעם קאפּ און איהם אנגעשפּארט אויף די הענד. איהרע אויגען זענען געווען אפען, ווי זי וואלט געזעהן און דאס מויל האט זי געעפענט, ווי צום לאכען, זי האט א שווערען זיפץ געטהון, ווי איינער וואס שלאפט רוהיג דורך די גאנצע נאכט.

דערנאך האט זי אנגעהויבען צו לאכען. נאר באלד האט זי אויפגעהערט און מיט רער האנד זיך פערשטאפּט דאס אויער, און איהר פּנים האט מען דערקענט שרעק.

די שקלאפינען, דערהערענדיג, אז נעמי, וואס מען האט זי שוין געהאלטען פאר א טויטע — לאכט, האבען זיי זיך זעהר געפרייט און הויך געשריען, פון דעם שרייען האט זיך נעמי נאך מעהר געשראקען, זיי האבען אבער דאס גאר נישט בעמערקט און עלי האט געטאנצט און געשפּרונגען ביים בעט. נעמי האט זיך נאך מעהר געשראקען און האט אנגעהויבען הויך צו שרייען.

איהר פּנים איז געווארען שרעקליך בלאס און די ברעהמען האבען איהר געציטערט, דאס ערשטע מאל אין איהר לעבען האט זי דערהערט א קול פון מענשען און דעריבער האט זי דאס נישט געקענט דערליידען.

עלי האט באלד אויפגעהערט צו טאנצען און די שקלאפינען זענען שטיל געבליבען. אין דערזעלבער מינוט האט ישראל געקלאפּט ביי דער טהיר.

ווען ער איז אריינגעקומען אין נעמי'ס צימער אריין, האט ער באלד דערזעהן, אז איהר פּנים איז געענדערט געווארען, זי איז שוין נישט געוועזען דיזעלבע נעמי, מען האט דערקענט אין איהר פּנים וואונדערונג, מורא און פראגען. ווען פאטימא האט זיך בעמיהט מיט גוטע ווערטער זי צו בערוהיגען, האט זיך נעמי פון איהר גיך אבגערוקט, ווי איהרע ווערטער וואלטען זי נאך מעהר געשראקען.

ישראל'ן האט דאס הערצען אנגעהויבען צו קלאפּען, זיינע אויגען זענען בעדעקט געווארען מיט א וואלקען און האט נישט דייטליך, וי פון ווייטענס דערהערט פאטימא'ן רעדענדיג:

— נעמי, מיין הערצין! מיין זיסע, זילבערנע, גאלדענע נעמי! זעה נור, זעה! דיין פאטער איז צוריקגעקומען!

דערנאך האט פאר זיינע אויגען דאס צימער אנגעהויבען צו טאנצען און פלוצלינג האט ער דערשפּירט, אז נעמי'ס ארמען נעהמען איהם ארום און איהר קאפּ שטופּט זיך צו זיין ברוסט. א, גאט האט בעוויזען א נס! זי לעבט און דערצו הערט זי אויך! א, ווי גוט איז גאט! ער האט איהם געגעבען מעהר, ווי ער האט פערלאנגט! מעהר ווי ער האט פערדיענט!

עטליכע מינוט איז ער געשטאנען און האט זיך קיין ריהר נישט געטהון, קיין ווארט נישט גערעדט, נאר נעמי'ן האט ער שטארק געהאלזט און זיינע טרעהרען זענען געפאלען אויף איהר פּנים.

אם אנפאנג האט ישראל נישט פערשטאנען פאר וואס נעמי האט זיך ביי איהם אזוי גיך בערוהיגט. ווען זי האט איהם דערשפּירט, האט זי איהם דערקענט און איז שטיל געלעגען אויף זיין ברוסט, ווייל ער איינער איז געוועזען שטיל און האט זי נישט

בעשראָקען מיט זיין קול. נאָר דערנאָך, ווען די הויזלייט האָבען איהם אָנגעהויבען צו ערצעהלען, וואָס עס האָט זיך אין דער הײם פּערלאָפען נאָך זיין אוועקפאָהרען און נעמי האָט ווידער אָנגעהויבען צו ציטערען פון שרעק, האָט ישראל געהייסען אַלע ארויסגעהן פון דעם צימער און פערמאַכען די טהיר און די פענסטער, אז קיין שום קול פון דער גאַס זאָל זי נישט בעשרעקען.

דאַמאָלס האָט זיך נעמי ווידער בערוהיגט און איהם ווידער ארומגענומען מיט איהרע אָרמען.

ישראל האָט זעהר היטק געהאַט זי צו פּיעסטען, ווערטער פון הייסע ליבע האָבען זיין הערץ דערפילט, אָן דאָך האָט ער זיך געמוזט איינהאַלטען. שטיל, נישט אַ ריהר צו טהון, איז ער געזעסען אין זיינע מיידישע, צעריסענע, מיט שטויב בעדעקטע קליידער און צוגעדריקט צו זיין ברוסט נעמי'ן, וואָס איז באַלד ענטשלאָפען געוואָרען און פּאַוואָלע זיך אַראָבגערוקט אויף דעם קישען.

ישראל איז ווייטער געזעסען ביי איהר און האָט געדאַנקט גאָט פאַר דעם נס, וואָס ער האָט איהם געטהון, נאָר פּלוצלינג איז געוואָרען אַ גרויס גערוויש אויף דער גאַס און אַ גרויסער ווינד האָט שרעקליך אָנגעהויבען צו פייפען. פון ים, וואָס איז פיער מייל ווייט פון טעטוען, האָט מען געהערט דאָס רוישען פון די פּאַליעס, באַלד האָט אויך אָנגעהויבען שרעקליך צו דונערן און פון די שווארצע וואָלקענעס האָט זיך אָנגעהויבען צו גיסען וואַסער. נעמי האָט זיך אויפגעהאַפּט פון שלאָף און האָט אָנגעהויבען שרעקליך צו ציטערן. ביים רוישען פון ים, האָט זי אויסגעצויגען די הענד, ביים פייפען פון ווינד, האָט זי זיך מיט די הענד דאָס פּנים בעדעקט און דערהערענדיג אַ דונער, האָט זי אויפגעהויבען די הענד אין די הויך, ווי זי וואָלט איהר קאָפּ וועלען שיצען.

ישראל האָט זי צו זיך צוגעדריקט און זיך בעמיהט זי צו בערוהיגען.

— האָב נישט מורא — האָט ער צו איהר געזאָגט — דאָס איז דאָך נור אַ ווינד, אַ רעגען, אַ דונער! דו האָסט דאָך אַזוי ליעב געהאַט צו לויפען אויף דער גאַס באַרפוס בשעת עס האָט גערעגענט! שווייג, שטיל! גאָט היט דיך! האָב נישט מורא!

ער האָט גאָר פערגעסען, אַז נעמי פערשטעהט נישט זיינע ווערטער, ווי זי פערשטעהט נישט דעם רעגען, דעם ווינד און דעם דונער, זי האָט פאַר זיין קול אַזוי געציטערט, ווי פאַר דעם אַלעם.

דערנאָך ערשט האָט ישראל דערזעהן, אַז דער נס, וואָס גאָט האָט איהם געטהון, האָט איהם קיין גרויסע טובה נישט געטהון און קיין גרויס גליק נישט געבראַכט. וואָס העלפט איהם דאָס, וואָס זי הערט, אַז זי זעהט נישט און רעדט נישט און קען נישט פערשטעהן, וואָס זי הערט?

און נעמי האָט ווייטער געציטערט און ער האָט איהר גאָר נישט געקענט העלפען, ער האָט קיין שום מיטעל געהאַט זי צו בערוהיגען.

נעמי איז פון גרויס שרעק פון זינען אראָב און ישראל האָט זיך דערמאַנט די פריהעריגע צייטען, ווען נעמי האָט נישט געקענט קיין שמערץ, קיין לייד, קיין זאָרג, ווען זי איז געזעסען אַלע מאָל לוסטיג פרעהליך, און איז טאַנצענדיג און לאַכענדיג ארומגעלאָפען אין זיינע צימער.

אך, ווי גליקליך וואַלט ער געווען, ווען זי וואַלט אַצינד אויך נישט געהערט און וואָלט נישט אַזוי געליטען! און ער האָט נאָך געבעטען אויף דעם אונגליק!... און גאָט, וואָס ווייס אַלעם פֿאָראויס האָט זיין תפלה אויסגעהערט, אַז דאָס אָרימע קינד זאָל אַצינד אזוי פֿיעל ליידען!...

ווען עס איז אויף דער גאַס שטיל געוואָרען, האָט זיך נעמי אויך בערוהיגט, זי האָט דעם פֿאָטער געדריקט די הענד און א ווײַלע געהאָרכט, דערנאָך איז זי ענטשלאָפֿען געוואָרען און אויף איהר פנים האָט זיך ווידער געזעהן רוהיגקייט און צופֿרידענהייט.

דאמאלס האָט זיך ישראל אויך בערוהיגט און זיך געטרייסט, אַז נעמי איז שוין צוגעוואהנט געוואָרען צו הערען און וועט זיך שוין מעהר נישט שרעקען.

(פֿארטזעטצונג קומט).

# ד״ר שלמה מאנדעלקערן.

(ביאגראפיע).

---

אין איין חודש, און כמעט אין איין וואך, האבען מיר פערלארען צוויי גרויסע שרייבער. פרייטאג, 12 טאג אין אדר, האבען הונדערטער מענשען אין ווארשא בעגלייט אויפ׳ן הייליגען ארט פרידבערג׳ן, און מאנטאג, שושן־פורים, איז פון שטאדט־שפיטאל אין וויען ארויס א ארימע, איינזאמע עגלה און אוועקגעפיהרט אויף וויענער בית־עלמן א פרעמדען, א אומבעקאנטען מת. ערשט אין עטליכע טעג שפעטער האט מען זיך דערוואוסט, אז דער מת איז געוועזען—דאקטאר שלמה מאנדעלקערן...

צו אלץ בעדארף מען האבען מזל, אפילו... צום שטארבען. וואלט ד״ר מאנדעלקערן געשטארבען אין דער היים, אויף זיין אייגען בעט, וואלט ער געוויס געהאט א גרויסע לויה, מיט פאראד און הספדים. זיין מזל האט איהם אבער שטענדיג ארומגעשלידערט און געווארפען; זיין לעבען האט ניט געפליסט גלייך, רוהיג און שטיל, נאר געריסען, געקאכט, געשוימט און געווארפען איבער בערג און טהאלען... און לסוף, ווערט דער קראנקער, אויסגעמוטשעטער מאנדעלקערן מגולגל אין א פרעמדער שטאדט און שטארבט, אז אפילו „א האהן גיט ניט קיין קרעה״...

אמת, פאר אונזער ליטעראטור איז מאנדעלקערן׳ס טויט ניט געוועזען קיין פלוצליכער שאדען; דער מלאך־המות האט איהם ניט אבגעריסען אין מיטען זיין ליטעראַרישער ארבייט ווי פרידבערגען, וועלכער האט נאך געקענט זעהר פיעל שרייבען און בעשאפען. מאנדעלקערן איז אבגעשטארבען פאר דער ליטעראטור שוין פון עטליכע יאהר, זייט ער האט געענדיגט זיין גרויס ווערק, די ריזעדיגע קאנקארדאנציע פון תנ״ך. ער אליין האט אויסגעפיהרט א ארבייט צו וועלכער מען האט געברויכט צעהנדליגער מענשען, אבער די ארבייט האט פון איהם אויסגעזויגען דעם גאנצען לעבענסזאפט. ער איז פון דעמאלס ארומגעגאנגען ווי א שאטען, ווי א סקעלעט, אהן לייב און אהן גייסט. און דאך טהוט וועה דאס הארץ אויף דעם ניכען, טרויעריגען סוף פון אזא טאלאנטליכען מענשען, וואס האט מיט זיינע לייכטע שענע געדיכטע אונז געשאפט פערגניגען, מיט זיינע וויצען אונז אונטערהאלטען און מיט זיינע ערנסטע ווערק געבראכט פיעל נוצען אונזער ליטעראטור.

ד״ר מאנדעלקערן איז געבארען אין יאהר תר״ו (1846), דעם צווייטען טאג פסח, אין דעם קליינעם שטעדטיל מלינאוו, ניט ווייט פון דובנא. ער האט געהאט

זעלטענע פֿעהיגקייטען. צו פֿיער יאָהר האָט ער שוין געלערנט חומש; צו זעקס יאָהר— שוין געקענט אַלע פֿינף חומשים מיט רש"י; צו זיבען יאָהר — געלערנט גמרא; צו צעהן יאָהר— געקענט עטליכע מסכתות אויסווענינג און גע'שס'ט פֿאַר א גרויסען למדן, ער האָט געהאַט אַ גרויסען זכרון, דערצו נאָך איז ער געווען א גרויסער מתמיד, און עס איז קיין וואונדער, אַז דאָס יונגע קינד האָט איבערגעשטיגען אַלע זיינע חברים, און באַלד האָט ער שוין געקענט מעהר פֿון זיינע רבי'ס, ביי וועלכע ער האָט געלערנט.



ד"ר שלמה מאַנדעלקערן.

צו 14 יאָהר איז איהם געשטאָרבען זיין פֿאָטער, ר' שמחה בער, און דער יונגער יתום איז אַוועקגעפֿאָהרען אין דובנא. זיך געזעצט לערנען אין בר"ק'ס קלויז און געגעסען טעג... אין דובנא האָבען דעמאָלס געלעבט די צוויי בעריהמטע שוואָגערס: ר' הירשלי ראַפּאָפּאָרט און ר' יצחק אליהו לאַנדא. זיי זענען באַלד אויפֿמערקזאַם געוואָרען אויפֿ'ן פֿרעמדען בחור'ל וואָס האָט אַזאַ גוט קעפּיל און לערנט אַזוי פֿלייסיג, האָבען זיי איהם מקרב געווען און געשטיצט.

אַזוי זענען אַריבער עטליכע יאָהר. פּלוצלינג ווערט דער יונגער לערנער — א חסיד! ער בעקענט זיך מיט קאָצקער חסידים, איהם געפֿעלען זייערע נגונים, און ער הויבט אָן שטאַרק טהון אין חסידות: לערנט „זוהר" און קבלה־ספרים, פֿערטיעפֿט זיך אין זייערע סודות, דאַווענט מיט'ן גאַנצען ברען, דבֿקה'ט זיך; באַלד פֿאָהרט ער שוין אין קאָצק צום רבי'ן ר' מנחם מענדיל, חבר'ט זיך מיט ר' דוד'ל, דעם רבי'נ'ס זוהן, און לערנט מיט איהם צוזאַמען די חב"ד'סקע תורה. דאָס דויערט אָבער ניט לאַנג. מאַנדעלקערן איז צוריקגעקומען אין דובנא צו זיינע אַלטע בעקאַנטע און—זיך גענומען גאָר אויף א נייעם וועג.

אין הויז פון זיינע בעשיצער ראַפּאָפּאָרט און לאַנדאַ האָט מאַנדעלקערן געפונען ספרים פון יודישע געלעהרטע, הקירה־ספרים ווי דער „מורה־נבוכים" פון רמב״ם, דער „כוזרי", „עקידה", וו י י ז ע ל ס ספרים און געדיכטע, וואָס זענען דעמאָלס געווען שטאַרק אין דער מאָדע, און נאָך אַנדערע ווערק. מאַנדעלקערן האָט פאַרביינט די גמרא און זיך גענומען צו יודישע פילאָזאָפיע, יודישע וויסענשאַפט. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבען לערנען די העבראַאישע גראַמאַטיק און געפּרופט נאָכמאַכען וויזעלס שירים, שרייבען מליצות, ווי דער שטייגער איז געווען דעמאָלס. בקיצור — מאַנדעלקערן איז געוואָרען אַ משכיל, אַ אויפגעקלערטער.

אין יענער צייט האָבען אָנגעהויבען ערשיינען יודישע צייטונגען; דער „מגיד" אין ליק, דער „מליץ" אין פּעטערבורג, דער „כרמל" אין ווילנא. מאַנדעלקערן שיקט אַהין זיינע אַרטיקלען, די ווערען געדרוקט, און ער ווערט דורך דעם בעקאַנט מיט די יודישע משכילים פון דובנא, בעקומט שטונדען אויף העבראַאיש, לערנט רוסיש און דייטש און פּלוצלינג... האָט ער גאָר התונה, מיט אַ איינפאַכער, אומגעבילדעטער מיידיל.

דאָס איז געווען אין יאָהר 1865. אַ יאָהר שפּעטער האָט ער שוין אַ זוהן. איצט בעדאַרף מען שוין זאָרגען וועגען אַ תכלית. און דער בעסטער תכלית איז — צו פאָהרען שטודירען אין ראַבינער שולע. ער וואַרפט אַוועק ווייב און קינד און פאָהרט אַוועק אין זיטאָמיר; דאָרט קען ער אָבער זיך ניט איינהאַלטען, ער וואַנדערט אין ווילנא, לערנט אין ראַבינער־שולע און ענדיגט אַלס ראַבינער.

אין ווילנא האָט ער אָנגעהויבען אַרויסגעבען זיינע ערשטע ווערק: אַ געדיכט „תשועת מלך רב" (די גרויסע רעטונג פון מלך), וועגען דעם קייזער אַלכסנדר II, וואָס איז גליקליך ניצול געוואָרען, ווען אַ פערברעכער האָט אויף איהם געשאָסען אום 4 אַפּריל 1866; „בת שבע" אַ געדיכט אין 120 סטראָפען, וועגען דער שענער בת־שבע, אוריה'ס ווייב, וואָס איז אַזוי געפעלען דעם קעניג דוד, אַז ע׳ האָט איהר מאַן אַוועקגעשיקט אין מלחמה אויפ'ן ערשטען פייער, כדי ער זאָל קענען זי נעהמען פאַר זיך (ווילנא 1866); „עזרא הסופר" — ערצעהלונג פון דער צייט, ווען די יודען זענען געווען פערטריבען אין בבל, איבערזעצט פון דייטש (ווילנא 1866). „חצים שנונים" (שאַרפע פיילען) 75 עפּיגראַמען און וויצען. דאָס רוב איבערזעצונגען פון אַנדערע שפּראַכען, צום ווערקיל זענען צוגעגעבען צוויי גרעסערע געדיכטע, איבערזעצט פון רוסיש: לערמאָנטאָוס „דאָס צווייגיל פון פאַלעסטינא" און פּושקינס „שפּאַנישער ראָמאַנס".

אין איין יאָהר האָט אַלזאָ מאַנדעלקערן געוויזען פּראָבעס פון זיין שרייבען אין פּראָזאַ און אין געדיכטע, סאַטירע און וויצען. פּראָזאַ האָט ער געשריבען זעהר שעהן, זיין שפּראַכע איז ריין און דייטליך, אָהן די פּוסטע אָנגעבלאָזענע, אונפערשטענדליכע מליצות, וואָס מיר געפינען ביי אַנדערע שרייבער אין יענער צייט. זיין פּאָעזיע איז אויך לייכט, פליסיג, אָבער אין איהר פעהלט דאָס טיעפע געפיהל, די הויכע פאַנטאַזיע; זי איבער־אַשט ניט דעם לעזער, בעוועגט ניט טיעף זיין האַרץ, מאַכט ניט ציטערן זיין זעעל, ווי די פּאָעזיע פון די אמת גרויסע דיכטער. מאַנדעלקערן איז געווען, ווען ניט אַ שוואַכער, יעדענפאַלס נור אַ מ י ט ע ל ע ר דיכטער. מיר לעזען זיינע שירים

גערן. מיר טרינקען זיי ווי אַ געשמאַקע משקה, אָבער בערווישען, איינ־שכור'ן אונז זע־נען זיי ניט אימשטאַנד. אויך זיינע וויצען, וועלכע ער רופט „שאַרפע פילען". זענען ניט איבעריג שאַרף; זיי קיצלען מעהר ווי שטעכען...

ווי געזאָגט, האָט מאַנדעלקערן געענדיגט די ראַבינער־שולע און געקענט ווערען ראַבינער. דאָך ער האָט געוואָלט ווייטער לערנען, נאָך מעהר קענטניש דערלאַנגען, און ער פאָהרט אַוועק אין פעטערבורג, געהט אריין אין אוניווערזיטעט, לערנט די אַלטע מזרח־שפראַכען: אראַביש, סיריש אז"וו. און ענדיגט אַלס „קאַנדידאַט". פאַר זיין פירוש צום תנ"ך בעקומט ער פון די פראָפעסאָרען אַ גאָלדענע מעדאַל. פון דער רע־גירונג בעקומט ער אַ דאַנק־בריעף פאַר זיינע געדיכטע, וועלכע ער האָט איבערזעצט אויף רוסיש.

אונטער דער צייט איז מאַנדעלקערן געקומען אַפאָר מאָל אין דובנא, בעזוכען זיין פרוי און קינד. עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען, וואָס פאַר אַ טיעפער אָבגרונד איז איצט געווען צווישען דעם הויכגעבילדעטען, פרייגייסטיגען מאַן, און דער אומגע־בילדעטער, איינפאַכער און דערצו נאָך פאַנאַטישער פרוי. עס האָט ניט מעהר געקענט זיין קיין לעבען צווישען אַזעלכע צוויי פערשידענע מענשען, און ער האָט געמוזט זיך שיידען פון איהר אויף שטענדיג, איבערלאָזענדיג איהר דעם איינציגען זוהן.

געענדיגט די אוניווערזיטעט איז מאַנדעלקערן געוואָרען צווייטער ראַבינער אין אדעסאַ. דאָרט האָט ער צום צווייטען מאָל חתונה געהאַט, גענומען אַ פרוי ווי איהם פאַסט און איינגעאָרדענט אַ הויז. אָבער דער חשק צום שטודירען האָט איהם אויך דאַמאָלס ניט אָבגעלאָזען. ער האָט אין אָדעסאַ בעזוכט די אוניווערזיטעט, געלערנט יורי, געשריבען אַ ווערק וועגען די געזעצען פון ירושה און בעקומען דעם טיטעל „קאַנדידאַט" פון יורי. דערנאָך איז ער געפאָהרען קיין דייטשלאַנד, געשטאַנען צום עקזאַמען אין דער אוניווערזיטעט פון יענאַ. פאָרגעשטעלט אַ ווערק וועגען די פערענ־דערונגען וואָס קומען פאָר אין „דברי־הימים" אַנדעריש ווי אין „מלכים", און בעקומען דעם טיטעל „דאָקטאָר דער פילאָזאָפיע".

מיר זעהען, וואָס פאַר אַ אייזערנע ענערגיע האָט געשטעקט אין דעם מענשען: האָבען אַזוי פיעל בעשעפטיגונגען אַלס צווייטער ראַבינער אין אַזאַ גרויסער געמיינדע ווי אָדעסאַ, און דערביי נאָך ענדיגען צוויי אוניווערזיטעטען און פאָרשען און שרייבען. דען אויסער די ווערק, וואָס ער האָט דורך זיי בעקומען דעם טיטעל דאָקטאָר דער פילאָזאָפיע און יורי, האָט ער זיצענדיג אין אָדעסאַ נאָך פיעל געשריבען און געדרוקט בעזונדערע ספרים אָדער אַרטיקלען אין זשורנאַלען. אין יאָהר 1875 איז אַרויס אין ווארשא זיין גרויסער ספר אין דריי טהייל, „געשיכטע פון רוסלאַנד", וועלכע די חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען אין רוסלאַנד האָט ביי איהם בעשטעלט. דאָס ווערק איז בעאַרבעט לויט די בעסטע, זיכערסטע קוועלען, געשריבען מיט זעהר אַ דייטליכער, פליסענדער שפראַך, און אויסער די גאַנצע געשיכטע פון רוסלאַנד, פון די ערשטע סלאַווען ביז דער רעגירונג פון אַלכסנדר דעם צווייטען, געפינען מיר אין דעם ווערק אויך פיעל אינטערעסאַנטע זאַכען וועגען דער י ו ד י ש ע ר געשיכטע אין

רוסלאַנד. פֿאַר דעם ספר האָט איהם קייזער אַלכסנדר II געשענקט אַ גאָלדענעם רינג מיט בריליאַנטען. —

ביי זיין זועלטענער ענערגיע האָט ער אָבער געהאַט אַ אונרוהיגען כאַראַקטער, און דורך דעם האָט ער זיך געקויפֿט פֿיעל שונאים, און ענדליך, נאָך זיבען יאָהר, אויך פֿערלאָרען די בכבוד׳ע שטעלע אין אָדעסאַ.

אין יאָהר 1881 איז ער אַרויסגעפֿאָהרען פֿון רוסלאַנד, בעזעצט זיך מיט דער פֿאַמיליע אין לייפּציג, און פֿון דאַמאָלס אָן זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען דער וויסענשאַפֿט: געשריבען ווערק און געלעבט פֿון ליטעראַרישער אַרבייט.

דאָס וויכטיגסטע פֿון זיינע ווערק, אויף וועלכען ער האָט פֿערבראַכט פֿיעל יאָהרען און אַוועקגעלעגט דאָס גאַנצע געזונד, איז די גרויסע העברעאישע קאָנקאָרדאַניץ, וואָס איז געדרוקט געוואָרען אין לייפּציג אין יאָהר 1896. דאָס ווערק האַלט הונדערט צוויי און ניינציג גרויסע דרוק־בויגען, ענג געדרוקט. דאָס איז אַ ריזען־אַרבייט, ביי וועלכער עס איז גאָר שווער צו גלויבען, אַז איין מענש זאָל זי מאַכען. דער נאָמען „היילינער פּאַלאַץ״ („היכל הקודש״) פּאַסט זעהר צו דעם ווערק, אין וועלכען עס געפֿינען זיך אַלע ווערטער פֿון גאַניץ תנ״ך לויט די פּסוקים; דאָס ווערק איז גרויס, פּראַכטפֿאָל געדרוקט, פֿול מיט וויכטיגע נייעס אין דער העברעאישער שפּראַכע, און מאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ גרויסען, שענעם פּאַלאַץ, פֿול פֿון „כל־טוב״. אַזאַ פֿאָלקאָמענע, מייסטערהאַפֿט צונויפֿגעשטעלט קאָנקאָרדאַנציע איז נאָך ביי יידען ניט געוועזען, און זי וועט בלייבען אַ אייביגער מאָנומענט, אַ אייביגעס אָנדענקען פֿאַר מאַנדעלקערן.

אין זיין קאָנקאָרדאַניץ האָט מאַנדעלקערן אויסגעבעסערט אַלע פעהלער פֿון די אַלטע קאָנקאָרדאַנצען, וואָס מיר האָבען געהאַט ביז איצט; ער האָט צוגעגעבען אַלע ווערטער, וואָס האָבען אין די אַלטע קאָנקאָרדאַנצען געפֿעהלט, אַלע אַרַם׳עאישע ווערטער, אַלע נעמען פֿון מענשען, שטעדט, בערג, טייכען אז״וו, וואָס קומען פֿאַר אין תנ״ך. יעדעס וואָרט זעצט ער איבער אויף לאַטיין און ערקלערט איהם אויף העברעאיש מיט פֿיעל אַנמערקונגען, אין וועלכע ער בעווייזט „גבורות״, ווי גרינדליך ער קען די העברעאישע שפּראַך און ווי געניט ער איז אין דער גאַנצער ליטעראַטור, ווי אויך זיין רייכע קענטניס אין אַלע אַנדערע מזרח־שפּראַכען. אין זיינע צוויי הקדמות צום ווערק, אויף לאַטיין און לשון הקודש, בעשרייבט ער די געשיכטע פֿון די אַלטע קאָנקאָרדאַנצען, די פֿיעל פֿעהלער וואָס זיי האָבען, און בעווייזט, מיט וואָס זיינע צייכענט זיך אויס פֿון אַלע אַנדערע. ער שרייבט, אַז ער האָט געוואָלט צוגעבען צום ווערק נאָך פֿיעל ניצליכע זאַכען, ווי צב״ש: די געשיכטע פֿון העברעאישער שפּראַך, די געשיכטע פֿון איהרע גראַמאַטיקער, איהרע ווערטערביכער, און נאָך אַנדערע פֿאָרשונגען, וועלכע זענען ביי איהם פֿאַרטיג געשריבען, נאָר אַז דער אַרויסגעבער פֿון דער קאָנקאָרדאַנציע האָט געזעהען, אַז זי איז שוין צו גרויס, האָט ער ניט געוואָלט מעהר צונעהמען, און מאַנדעלקערן זאָגט מיט אַ וויין: „רַבּוֹת מַחֲשָׁבוֹת בְּלֶב הַמְּחַבֵּר וַעֲצַת הַמּוֹצִיא לָאוֹר הִיא תָקוּם״: ד״ה: דער פֿערפֿאַסער טראַכט און דער אַרויסגעבער לאַכט״.

די קאָנקאָרדאַנציע האָט נור איין איינציגען פעהלער: זי קאָסט זעהר טהייער (150 מאַרק אָדער 75 רובעל), און ניט יעדער איז אים שטאַנד, אויסצוגעבען אַזוי פיעל געלד אויף אַ ספר. מאַנדעלקערן האָט אָבער געוואָלט ברענגען מיט זיין ווערק נוצען אַלעמען, אפילו די אָרימסטע, על כן האָט ער אויף זיך גענומען אַ צווייטע, פיעל קליינערע אָבער דאָך געגוג שווערע אַרבייט: אַרויסגעבען אַ קורצע קאָנקאָרדאַנציע, אין וועלכער עס געפינט זיך אלץ וואָס אין דער גרויסער, נאָר די פסוקים פון תנ״ך פעהלען. אויך די אַרבייט האָט ער גליקליך אויסגעפיהרט. די קליינע קאָנק׳ האַלט 64 בויגען אין $8^0$ און איז אויך אַ פראַכט־ווערק.

אָבער מיט דעם האָט זיך שוין געענדיגט זיין גייסטיג לעבען! די אַרבייט האָט איהם אַזוי אויסגעמוטשעט, אַז ער איז געוואָרען דאַר, איינגעשרומפען, אויסגעטריקענט, אַרומגעגאַנגען ווי אַ סקעלעט, און צו צייטען אויך פערלאָרען דעם פערשטאַנד. זיין גייסטיג לעבען איז אויסגעלאָשען געוואָרען, און אין עטליכע יאָהר שפּעטער האָט דער טויט פערלאָשען אויך דעם לעצטען פונק פון זיין קערפערליך לעבען!

די איבריגע ספרים, וואָס מאַנדעלקערן האָט אַרויסגעגעבען אין פערשיעדענע צייטען, זענען:

א) „שִׁיר בִּרְכַּת שָׁלוֹם״ אַ גרוס צו מאנטעפיארע, ווען ער איז געקומען אין פעטערסבורג דעם 7 (19) יולי 1872. צוויי און צוואנציג סטראָפען, מיט מאָנטעפיאָרעס בילד (פט״ב 1872).

ב) „שִׁירֵי שְׂפַת עֵבֶר״, זאַמלונג פון זיינע העברעאישע געדיכטע און וויצען, וועלכע זענען געווען געדרוקט אין פערשיעדענע ביכער און זשורנאַלען, 2 טהייל. דער ערשטער טהייל (165 געדיכטע) איז אַרויס אין לייפציג 1882, און דער צווייטער טהייל — אין יאָהר 1889 (100 שירים און וויצען).

ג) „שירי ישראל״ יודישע געזענגע, אַ העברעאישע איבערזעצונג פון 23 געדיכטע, וואָס דער בעריהמטער ענגלישער דיכטער לאָרד בייראָן האָט געשריבען וועגען יודען. לייפציג 1890. די איבערזעצונג איז זעהר גוט און געראָטען. מאַנדעלקערן איז איבערהויפט געווען אַ גרויסער קינסטלער צו איבערזעצען שירים פון פרעמדע שפראַכען. ער גיט איבער טריי די געדאַנקען און דערביי איז די שפּראַך אַזוי שען, אַזוי קלינגענדיג און האַרמאָניש, אַז עס איז גאָר ניט צו דערקענען אין זיי די איבערזעצונג. אַלס איבערזעצער איז ער מעהר בעריהמט ווי אַלס אָריגינעלער דיכטער. זיין איבערזעצונג „ר׳ יהודה הלוי״ פון היינע איז אַ מייסטערשטיק!

אויסער די ספרים האָט ער אַרויסגעגעבען אין אַנדערע שפּראַכען:

א) דרשות און רעדען וואָס ער האָט געהאַלטען אין פערשיעדענע צייטען;

ב) איבערזעצונג פון ספר „יֵין מְצִלָּה״, מיט אַ גרויסער הקדמה און מיט פיעל וויכטיגע אַנמערקונגען (געדרוקט צום ערשטען מאָל אין אָדעסאַ 1878 און צום צווייטען מאָל אין לייפציג 1883).

ג) רוסישע גראַמאַטיק אין 2 טהייל (לייפציג 1884).

ד) לעסינגס משלים, דייטש מיט רוסישער איבערזעצונג (1885). דריי יאָהר שפּעטער האָט ער אויך אַרויסגעגעבען:

ה) תמר, א ראָמאַן פֿון דער צייט, ווען די יודען זענען נאָך געזעסען אין ארץ ישראל. דער דאָזיגער ראָמאַן איז אָבער ניט מאַנדעלקערנס אייגענס. נאָר א איבער־זעצונג פֿון מאפו׳ס בעקאַנט ווערק „אהבת ציון״. מאַנדעלקערן זאָגט עס ניט, ווייל אויף א אָריגינעלען ראָמאַן ווּעלען זיין מעהר בעלנים צו קויפֿען אין דייטשלאַנד ווי אויף א איבערזעצטען...

ו) „רוסישעס עכאָ״ מיט א רוסיש־דייטשען ווערטערבוך (לייפּציג 1885).

אויך האָט מאַנדעלקערן געשריבען ערצעהלונגען אין זשאַרגאָן. איינע איז גע־דרוקט אין ווילנא 1868 מיט דעם נאָמען „תְּחִיַּת הַמֵּתִים״.

מאַנדעלקערן האָט אויך געשריבען פֿיעל קריטיק אויף נייע ביכער. זיינע קרי־טיקען זענען מייסטענס געדרוקט אין דייטשע צייטונגען. — פֿון זיינע פֿיעל העברע־אישע אַרטיקלען פֿערדינט דערמאַנט צו ווערען די גרויסע ביאָגראַפֿיע פֿון די פֿיער יו־דישע דיכטער: ווייזעל, אדם הכהן לעבענזאָהן, זיין זוהן מיכ״ל און אברהם בער גאָטלאָבער (אין האסיף 1886).

---

כדי מאַנדעלקערנס בילד זאָל זיין נאָך דייטליכער די לעזער, וויל איך דאָ ברענגען אייניגע ווערטער פֿון דעם נעקראָלאָג, וואָס ה׳ נ״ס האָט געשריבען אין דעם טאָג, ווען ס׳איז אָנגעקומען די טרויעריגע ידיעה פֿון ווען אַז מאַנדעלקערן איז גע־שטאָרבען:

„די מוטער־ליטעראַטור וויינט אויף שלמה מאַנדעלקערנס טוידט, דען מאַנדעל־קערן איז געווען א ליטעראַט, און אַ גרויסער ליטעראַט. אויב די העברעאישע שפּראַכע האָט אייניציגע געצעהלטע מענשען, וואָס אַלע איהרע אוצרות זענען אָפֿען פֿאַר זיי, זייער אויער הערט און פֿערשטעהט יעדעס מינדסטע געשפּרעך, יעדען ציטער פֿון איהרע סטרונעס, יעדען לייכטעסטען קלאַנג פֿון איהר האַרפֿע; אויב ס׳זענען דאָ נאָהענטע ליבהאָבערס, וואָס זי האָט זיי געוויזען איהר גאַנצע פֿערבאָרגענע שענקייט און פֿאַר זיי אויפֿגעדעקט אַלע איהרע בעהאַלטענע סודות — איז מאַנדעלקערן געווען איינער פֿון זיי.

אויב צווישען די יודישע ליטעראַטען זענען דאָ מענשען, וואָס האָבען געלערנט וויסענשאַפֿטען, ניט צווישען טאָג און נאַכט, ניט „ווי אַ הונד גיט אַ לעק פֿון ים״, ניט פֿון עטליכע אַרטיקלען אין צייטונגען, ניט אויבערפֿלעכליך, נאָר אין פֿערלויף פֿון פֿיעל יאָהרע, מיט גרויס פֿלייס און פֿיעל מיה; אויב ס׳זענען דאָ אייניציגע, וואָס ניט נור זיי קענען שרייבען העברעאיש, אָבער זיי האָבען אויך וואָס צו שרייבען — איז מאַנדעלקערן געווען איינער פֿון זיי.

אויב צווישען אונזערע יודישע שרייבער געפֿינען זיך מענשען, וואָס מען קען זיי רעכנען פֿאַר שרייבער און פֿאָרשער אויך אין אַ אַנדער ליטעראַטור; מענשען וואָס זאָלען ניט פֿערשעמט ווערען אפילו צווישען ליטעראַטען פֿון אַנדערע פֿעלקער — איז מאַנדעלקערן געווען איינער פֿון זיי.

אויב צווישען אונזערע שרייבער זענען פֿאַרהאַן אַזעלכע, וואָס האָבען געוואָלט
און אויך געקענט אַרבייטען אַ סך און אָהן אויפֿהער, אַרבייטען יעדען טאָג, יעדע
שעה, אין פערלויף פֿון פֿיעל יאָהרען, אין פֿערשידענע זאַכען מיט גלייכער פֿלייסיגקייט —
איז מאַנדעלקערן געווען איינער פֿון זיי.

און אויב ס'זענען דאָ מענשען, וואָס די אַלטע קענען ניט זאָגען אויף זיי מיט
שטאָלץ: דאָס זענען פֿון די יונגע, פֿרישגעבאַקענע שרייבערליך, און די יונגע —
מיט אַבשיי: דאָס זענען פֿון די אַלטע פֿערשימעלטע שרייבער; אויב עס געפֿינען
זיך אַזעלכע, וואָס מען קען זיי ניט איינפּאַסען אין אַ ענג רעמיל, איינשליסען אין אַ
קעסטילע פֿון איין כתה, איין סאָרט, ווייל זיי האָבען אי די געזעסענהייט פֿון אַלטע,
אי די ענערגיע פֿון יונגע — איז מאַנדעלקערן געווען איינער פֿון זיי.

ער איז געווען און מעהר איז ער ניטאָ! ער וועט שוין ניט מעהר שרייבען
געדיכטע, מאַכען איבערזעצונגען, פֿערפֿאַסען ווערק און אַרומפֿאָהרען פֿון לייפּציג אין
בערלין, פֿון בערלין אין ווין. איינער פֿון די בלאָנזענדיגע שטערען איז אַראָבגעפֿאַלען;
נייע אַזעלכע ווערען שוין ניט געבאָרען.

איך האָב איהם געזעהן פֿאַר עטליכע יאָהרען אין אויסלאַנד. ער איז געווען
דאַר און אויסגעטריקענט, דאָס פּנים גרין און געל, פֿון קנייטשען, אַ פּנים וואָס איז
דורך די קאָרטשעס און פֿאַלדען געוואָרען קליין, איינגעשרומפּען; דער גאַנצער קער־
פּער איינגעבויגען, דין, קראַנק אָדער אַלט? אָדער אַ מומיע וואָס קען אַרומגעהן?
דער גוף פֿון צווייטען רעמסס אין בריטישען מוזעאום איז געגען איהם שענער און
שטאַרקער.

איך האָב אָנגעהויבען, רעדען מיט איהם. ער האָט דאַמאָלס געקענט רעדען
נור וועגען איין זאַך, וועגען דער גרויסער העברעאישער קאָנקאָרדאַנציע, דאָס איז
געווען אַ קורצע צייט נאָך איהר ערשיינען פֿון דרוק. אַלע זיינע בעקאַנטע געדענקען
דעם תנ"ך, וואָס ער פֿלעגט אונז ווייזען: אַ געפֿלעקטער געצייכענט מיט אַלערליי טינט
און סימנים — פֿון איהם האָט ער געמאַכט די קאָנקערדאַנציע. עס איז כדאי אַריינ־
געבען דעם תנ"ך אין אַ יודישען מוזעאום אָדער אין דער ביבליאָטהעק אין ירושלים.

איך האָב מיך איינגעקוקט אין זיין פּנים און געטראַכט: אַזוי זעהט אויס אַ
מענש נאָכדעם ווי ער איינער אַליין האָט געענדיגט אַ גרויסע העברעאישע
קאָנקאָרדאַנציע! זיין גאַנץ כח, זיין גאַנץ לעבען האָט ער אַריינגעלעגט אין די
„וואָרצלען", „ווערטער" פֿון קאָנקאָרדאַנציע, און דער גוף איז געבליבען ווי אַ מצבה
אויפֿ'ן קבר פֿון זיין אַרבייט. אַ גוף ווי אַ צובראָכענער שאַרבען, אַ זעעל—מיד און
אויסגעשעפּט. עס איז גאָר אונמעגליך געווען רעדען מיט איהם. פֿון די אויגען האָבען
נאָך מאַנכעס מאָל געלויכטען עטליכע פֿינקען, ווי אַ „ווידערשיין" פֿון פֿערשוואונדענעם
לעבען. איהר, בעזוכער פֿון צווייטען קאָנגרעס, געדענקט דאָך איהם — ער איז גע־
זעסען און געדרימעלט ווען נאָרדוי האָט געהאַלטען זיין רעדע...

...ווען מאַנדעלקערן וואָלט געמאַכט נור די ריזעדיגע קאָנקאָרדאַנציע אַליין,
וואָלט ער שוין פֿערדינט, צו זיצען „אין מזרח וואַנט" אין דער געשיכטע פֿון אונזער

ליטעראַטור, אזאַ אַרבייט ביי אַנ׳אַנדער פאָלק ווערט געמאַכט דורך אַ גאַנצע געזעל־שאַפט פון געלערנטע, און ער האָט זי אַליין אויסגעפיהרט.

אָבער מאַנדעלקערן איז געוועזן נאָך אויסער דעם אַ גרויסער ליטעראַט. ער האָט זיך געצעהלט צווישען די דיכטער, און הגם ער איז ניט געוועזן קיין דיכטער „מיט גאָטס גענאָד“, איז ער דאָך געוועזן אַ דיכטער מיט דער שענער שפּראַכע, זיין שפּראַכע איז דיכטעריש אַנגענעהם, זיינע איבערזעצונגען זענען די בעסטע אין דער העברעאישער ליטעראַטור“.

מאַנדעלקערן איז געוועזן אַ פיעלזייטיגער ליטעראַט: ער האָט געשריבען פאָר־שונגען וועגען העברעאיש, ער האָט געשריבען קריטיק־אַרטיקלען, ער האָט איבערזעצט, האָט געשריבען שירים און עפּיגראַמען — און אויף אַליך וואָס ער האָט געשריבען ליגט דער שטעמפּעל פון מיטעלמעסיגען טאַלענט און פיעל אַרבייט. אין זיינע פאָר־שונגען איז ניטאָ קיין נייע וועלטען, אויסגעריסענע בערג, אָבער גלייכער פערשטאַנד; אין זיין קריטיק איז ניטאָ קיין וואונדערליכע אויפטהועכצען, אָבער אָרדנונג; אין זיינע געדיכטע איז ניטאָ קיין הויכעס, ריהרענדעס, אָבער פיעל חן איז אויף זיי אויסגעגאָסען, אויך זיינע שאַרפע פיילען זענען ניט זעהר שאַרף, אָבער שען זענען זיי“.

י. ה. זאַגאָראָדסקי.

# א בריעף צום דאקטאר.

(ענדע).

---

פאר זיך אליין האב איך גאר קיין מורא ניט; ניט געטראכט קיין איינציגע סעקונדע בין איך גרייט אוועקצוגעבען אלע יאהרען פון מיין לעבען, אלע מיינע כחות, דאס גאנצע געזונד פאר די גליקליכע מינוטען, וועלכע חנה'לעס ליעבע זאגט מיר צו; האב איך דען אבער דאס רעכט איינצושטעלען מיין געליעבטע אונטער אזא ריזיקע? מיין געליעבטע, וועלכע איז פארטיג דאס לעבען שטעקען פאר מיר און מיט געטריישאפט און מיט אמונה מיטגעהן מיט מיר און נאכגעהן נאך מיר אויף עק וועלט? פערגעס ניט אין וואס פאר א סכנה זי שטעהט. זי קען חלילה פער'סמ'ט ווערען דורך דעם אטהעם פון דער ניפטיגער זאראזע, וועלכע געפינט זיך ביי מיר אין דער לונג.

נייז איך בין ניט אומשטאנד זיך אויף עפיס צו בעשליעסען. אויף דעם דייטש'ס ווערטער טאר מען זיך אויך ניט פערלאזען... איך מוז נאך מתיעץ זיין מיט א פראקטישען, ערפאהרענעם דאקטאר און האב מיך אוועקגעלאזט אין דער אנדערער שטאדט אריין צום דאקטאר נ., וועלכער איז זעהר קונה שם געווען אין דער גאנצער סביבה. יודען, ווייבער, קינדער און קריסטען פלעגען גאנצע טעג געהן צו איהם זיך היילען, ער איז איין ארענטליכער דאקטאר, אין אמת'ער מענש, מען האלט פון איהם שטארק, האטש ער איז א ביסיל קאפריזנע אונגעדולדיג, נאר מען האט איהם ניט וואס חושד זיין, די ווייבער די פאציענטקעס און איניגע פון אחינו בני ישראל, עזות־פנימ'ער. דערקיטשען איהם זעהר און ברענגען איהם אפט מיט זייערע תנועות אין כעס אריין, און מהמת פיעל ארבייט קען ער פאר אלע ניט יוצא זיין.

איך בין געקומען צום דאקטאר אויף דער נאכט, ווען ער איז פרייער און האט מעהר צייט, האט מיר זיין לייבמענש געהייסען א ביסיל צו־ווארטען אין דעם ערשטען צימער.

דערנאך האט מען'מיך אריינגעבעטען אין קאבינעט אריין, דער דאקטאר נ. איז שוין א בעטאגטער מאן מיט איין ערנסט פנים, האט מיך גוט און שטארק בעטראכט, וואס גוט הייסט, האט מיר אויסגעקלאפט מיט די פינגער דאס הארץ און זיך צוגעהערט פון אלע זייטען ארום און ארום, האט אונטערזוכט און זאגט צו מיר כהאי לישנא: „יא, יא דער שפיץ פון דער רעכטער לונג איז אביסיל טימפ און

פערלענט, און די הינטערשטע חלקים פון ביידע לונגען הריפען צו ביסליך, אין די ליהות איז קיין באַצילען ניט דאָ!".

— הערר דאָקטאָר, קען איך מיך רעכענען צווישען די געזונדע? האָב איך געפרענט.

— פערשטעהסט איהר מיך, האָט ער געענטפערט מיט אַ גלאַטע שטימע, די קראַנקהייט פון אייער לונג איז, אַט אַ פּנים לינדערער געוואָרען, און ווי מען זאָגט ביי אונז זיין דער מעדיצין, אייער קראַנקהייט איז אַנשלאָפען געוואָרען. עס קען אָבער זעהר מעגליך זיך טרעפען, אַז אייער שוואַך שטיקיל לונג וועט שלאָפען און שלאָפען ביז זיבעציג יאָהר, ביז עס וועט קומען די צייט סוף אדם למות. נאָר קיינער וועט אייך ניט צוזאָגען און פערזיכערן, אַז דורך אַ פּלוצליכער אורזאַכע, מען ווייסט ניט פון וואַנען און פון ווען, זאָל זיך דאָס שלאָפקייט צופלאַקערן מיט דער אייגענער, אָדער אפשר נאָך מיט אַ גרעסערער קראַפט ווי פריהער; אַלענפאַלס קען מען אייך פאַר איין אויסגעהיילטען ניט רעכענען: והראיה דאָס הוסטילע און דאָס גרינגע פיבעריל אויף וועלכע איהר קלאָגט זיך, זאָגען עדות, אַז מיינע ווערטער זענען אמת; איהר דאַרפט זעהר און זעהר זיין אָבגעהיט, אלא ניט שטעלט איהר איין אייער לעבען!"

— זעהט, הערר דאָקטאָר, האָב איך געשטאַמעלט, איינענטליך פיהל איך מיך פאָלקאָמען גוט, איך וויל נור וויסען איינס... צי מעג איך חתונה האָבען?

— וואָס?! חתונה האָבען! צי האָט איהר זיך בעטראַכט, יונגערמאַנטשיק, וואָס איהר ווילט טהון! ערשטענס, ווילט איהר אַליין שלעפען אויף זיך אַ סכנה, די חתונה וועט אייך אַליין אין אַ גיכער צייט פיהרען צום גרוב; נאָר דאָס איז נאָך, ווי אַזוי עס איז, אַז עס איז אייך ליעב איז מיר ניחא! נאָר וואָס פאַר אַ רעכט נעהמט איהר זיך רעזיקירען מיט איין אַנדער מענש, איינשטעלען אַ געזונדע יונגע פרוי, וועלכע רעכנט געפינען אין דעם חתונה האָבען אַ גליקליך לעבען, אָבער ניט דעם קאַלטען קבר?

— אָבער, הערר דאָקטאָר, האָב איך געענטפערט מיט אַ וויינענדיג קול, איך האָב ליעב... און מען האָט מיך ליעב!

— איהר האָט ליעב, עס איז זעהר שען פון אייער זייט! נאָר ווייסט, עס איז ניט פאַראַהאַנען אַזאַ וואונדע, וועלכע מען זאָל ניט קענען אויסהיילען, עס איז ניט פאַראַהאַנען אַזאַ ליעבע, וועלכע מען זאָל ניט קענען פערגעסען, יונגער מאַן! ווי איך זעה אַרויס, זענט איהר נאָך איין אָרענטליכער מענש; דאָס, וואָס איהר זענט געקומען צו מיר, בעווייזט, אַז איהר זענט נאָך ניט קיין פערדאָרבענער, ווי איינינע פון אונזערע יודישע יונגע לייט. פאָלגט מיך, אַנטלויפט פון דאַנען נור צום גיכסטען! די צייט איז דער בעסטער דאָקטאָר, אַ צייט וועט אַוועקגעהן און די וואונדען פון אייער האַרץ וועלען אויסגעהיילט ווערען; אייער געליעבטע פריילין וועט אין דער התחלה אַביסיל וויינען און בייגקען, דערנאָך אָבער, אַז דער שכל הישר וועט קומען, וועט זי שיקען דעם בעסטען דאַנק דעם עדלען העלד, וועלכער האָט בעוויזען אַזוי פיעל גבורה און האָט זיך בעצייטענס צוריקגעצויגען. אַנט-

לויפט, זייט איינגעהאלטען, מיט דעם וועט איהר ראטעווען ניט נור זיך אליין און דאס געליעבטע פריילין, נאר איהר וועט נאך שאפען פאר דער וועלט א גרויסע זאך: איהר וועט זי פריי מאכען פון א קראנקען דור. וואס קען און וועט ארויסקומען פון אייך!"

— היתכן, דארף איך זיין אזוי אומגליקליך און מיט אייגענע הענד אויעקרויבען דאס, צו וועלכען איך גליסט מיט מיין גאנץ לעבען, — התונה האבען! האב איך קוים ארויסגעבראכט פון מיין מויל. אזוי האבען מיך דעם דאקטאר'ס רייד צונימען און פון מיר כמעט א תל געמאכט.

— יא! האט א געשריי געטהון דער דאקטאר אויף מיר מיט כעס, די אויגען זיינע האבען אזש געגלאנצט, איהר טארט ניט חתונה האבען, איהר טארט ניט! פערגעסט ניט, אייער גוף איז א כלי פול מיט סס, וועלכער קען פערגיפטען אייער פרוי, אייערע קינדער...

— פאלגט מיך, האט דער דאקטאר א מאך געטהון מיט דעם קאפ, זייט איין איינגעהאלטענער, טהוט וואס איהר ווילט פאר א שווערע מלאכה, אפשר וועט איהר זיך דערמיט פערשלאגען אייער געדאנק.

ווי איין אבגעבריהטער בין איך ארויסגעלאפען אויף דער גאס. עס איז געווען א שטילע זומערנאכט. די קיילעכדיגע לבנה איז ארומגעשווימען אויפ'ן ריינען בלויען הימעל און אראבגעוואָרפען אויף דער ערד גאנצע בינדליך מיט זילבערנע ליכטיגע שטראהלען, מיינע געדאנקען האבען זיך געפלאנטעט. איך האב אליין ניט געוואוסט וואס איך טהו, אזוי האט מיך דעם דאקטאר'ס שרעקליכע דרשה צונומען, און ווי א נולם בין איך געבליבען שטעהן, איך קוק מיך ארום, בין איך אין שטאדטגארטען. די אלעען און סטעזשקעס זענען געווען פערגאסען מיט דער שיין פון דער לבנה, די שאטענס פון די הויכע בוימער האבען געמאהלט אויף די וועגליך פערשיעדענע קינציגע מוסטערס. אויף די בענק אונטער די צווייגען פון די בוימער זענען געזעסען פארליך, אט שושקעט מען זיך דא אזוי ליעבליך און פריינדליך און די בלעטליך אויף די בוימער שושקען זיך אויך.—שוין זשע איז דאס אלעס פערלארען פאר מיר אויף אייביג! שוין זשע זאל איך זיין אזוי אומגליקליך און זיך אבזאגען פון מיין טייערע הנה'לע! ניין, עס איז אונמעגליך! א פנים דער דאקטאר נ. איז ניט מיט אלעמען, עס מוז ביי איהם פעהלען א קלעפקע! בלי שום ספק איז ער דער עהרליבסטער און פיינסטער מענש צווישען פיעל אנדערע, נאר ער האט שוין העבער האלב יאהרען אבגעלעבט און פערגעסט אז איך בין נאך יונג, איך האב נאך פון דער וועלט גאר קיין הנאה ניט געהאט. דער דאקטאר נ. גיט אוועק אלע זיינע כחות קראנקע און ליידענדע, כדי ארויסראטעווען זיי פון דעם מלאך המות הענד אין זאגט זיך אב צוליעב דעם פון פיעל פערגנינענס, פערגעסט ער דערווייל, אז עס איז פאראהאנען אנדערע מענשען, וועלכע זענען ניט געשאפען צו זיין אזוינע העלדען ווי ער. איך בין בסך הכל קיין העלד ניט. איך בין נישט מיט פרעטענזיעס צו שפיעלען א ראלע אין דער וועלט, איך בין מיר א פראסט קליין מענשעלע, איך זוך מיר א קליין שטיקילע

גליק און אַ קליין שטיבילע, אין וועלכען מיין טייערע חנה'לע זאָל בעל־הבית'טעווען מיט איהרע קליינינקע הענטעליך!

ניין, מיר דאַכט זיך, אַז דער דאָקטאָר נ. איז ניט גערעכט... און איך האָב מיך בעשלאָסען צו מאַכען די לעצטע פּראָבע: איך וויל מיך איבערגעבען צו דיר, צו דיין ערפאַהרענקייט, צו דיין הילף. דו ביזט אויך אַ דאָקטאָר און ביזט אין איינ־װענס מיינער אַ גוטער פריינד; דיינע קענטניסע און דיין האַרץ וועלען דיר אָנווייזען וואָס פאַר איין עצה מיר צוגעבען, אַז עס זאָל אויסקומען, ווי מען זאָגט, „פאַר ביידע גוט“. אַז וויסענשאַפט, מענשליכקייט און דיין אמת'ע גוטפריינשאַפט זאָלען צוזאַמען האַרמאָנירען. איך גיב איבער מיין מזל דיר אין די הענד. וועסטו זאָגען „ניין“ — וועל איך אויסרייסען מיין האַרץ פון מיין ברוסט און וועל אויף אייביג אַנטלויפען פון דאַנען; וועסטו זאָגען: „האָב התונה“, — וועל איך ווי אַ בלינדער גאַלנעהן נאָך דיין טייטלען און וועל לויפען אַ גליקליכער צו מיין געליעבטע חנה'לע! העלף זשע מיר, טייערער פריינד, מיין טראַכטען האָט מיך אויסגעמיטשעט עד לעפר... איך וואַרט פון דיר תשובה, איך וואַרט אויף דיין לעצט וואָרט, אַזוי ווי מען וואַרט אויף משיח'ן!

נאָך דעם איבער־לייענען דעם בריעף בין איך געבליבען זיצען ווי פערגליווערט. אין עטליכע מינוט אַרום האָב איך מיך אַביסילע דערמינטערט און האָב מיך ווידער־טיעף פערטראַכט... דאָס בילד פון מיין טשאַחאַטשני פריינד, וועלכער בעט ביי מיר אַ שטיקילע האָפנונג אויף גליק, האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט, ווי אַ לעבעדיגער פאַר מיינע אויגען. איך האָב שווער און לאַנג געטראַכט און האָב מיך לאַנג גע־קווענקעלט... ענדליך האָב איך געהאַפט די פען און האָב אָנגעשריבען אַ בריעף מיט אַ איין און איינציג וואָרט: „אַנטלויף!“...

נאָך דעם רוסישען ד״ר יעקב טשערני.

# דער כח פֿון אַ רעגענס־טראָפּען.

3.

## וואָס פאַר מעשׂים טהוט דער רעגענס־טראָפּען.

עס איז פֿאַראַנען אויף דער וועלט אַזעלכע געגענדען, וואָס אַ קיילעכדיג יאָהר איז דאָרט קיין רעגען ניט דאָ. דער הימעל איז דאָרט תּמיד בלאָה, וואָלקענס איז ניט דאָ, די ערד איז טרוקען; גראָז און בוימער וואַקסען נור ביי די ברעגען טייכען, וואָס לויפען דורך די טרוקענע געגענדען.

עס איז אָבער פֿאַראַנען אַזעלכע געגענדען אויף אונזער ערד וואָס רעגענס געהען זעהר פיעל, און די רעגענס זענען גרויסע, שטאַרקע. עס זענען דאָ אַזעלכע געגענדען וואָס גיסען מבולדיגע רעגענס כּסדר איינינע חדשים נאָך אַנאַנד. די טייכען ווערען איבערפול און געהען אַרויס פֿון זייערע ברעגען; פֿון די בערג לויפען שאַרפע פּאָטאָקען, וואָס מאַכען חרוב אי בוימער אי דערפער וואָס זיי בעגעגענען אויפ'ן וועג.

די רייזענדע וואָס בעזוכען אינדיען, דערצעהלען וואָס זיי האָבען געזעהן, דאָרטען זענען אַזעלכע רעגענס פערפליייצונגען, וואָס אין אונזערע מקומות קען מען זיך כּלל ניט פֿאָרשטעלען. „איך האָב געזעהן אַ רעגען, איז דאָס געוועזען איין אמת'ר מבולי — דערצעהלט אַ רייזענדער — „דער רעגען איז ניט געפֿאַלען פֿון וואָלקען טראָפּענסווייז, עס האָט זיך געגאָסען ווי פֿון אַ גרויסען צאַפּען, די גאַנצע ערד איז גיך בעדעקט געוואָרען מיט אַ טייך וואַסער. דער רעגען איז געגאַנגען גאַנצע 27 שעה, אין מיטען הויף איז געשטאַנען אַ פֿאַס פֿון איין אַרשין די הויך; די דאָזיגע ליידיגע פֿאַס איז פֿול געוואָרען מיט וואַסער. ווען דער דאָזיגער רעגען וואָלט ניט אַריינזינקען אין דער ערד, ווען ער וואָלט ניט אַראָב לויפען אין די טהאַלען און די גאַנץ נידעריגע ערטער, וואָלט ער פֿערדעקט די ערד אויף איין אַרשין הויך.

עס איז לייכט צו פֿערשטעהן פֿאַר וואָס גרויסע רעגענס ברענגען פיעל שאַדען; דאָס וואַסער קלייבט זיך צוזאַמען אין אַזעלכע פֿליסנגען, וואָס שווייגקען אונטער און מאַכען חרוב שטיינערנע בערג. מיט אַ 60 יאָהר צוריק, האָט אין שאָטלאַנדיע נאָך אַ גרויסען רעגען אָבגעריסען און פֿערטראָגען 38 בריקען, מיט אַ סך דערפער. אין איין דאָרף האָט דאָס וואַסער אַוועקגעטראָגען אויף גאַנצע הונדערט סאַזשען ווייט, אַ גרויסען שטיין פֿון צוויי סאַזשען די לענג, און אַ האַלבען סאַזשען די גרעב.

אין 1826 יאָהר, האָבען אין צפון אַמעריקא, די גרויסע וואַסערן וואָס זענען פון די בערג געלאָפען, נאָך די מבול'דיגע גרויסע רעגענס, אָבגעבראָכען אַסך גרויסע שטיינער, און די אָבגעריסענע שווערע שטיינער האָט דאָס וואַסער געקייקעלט אין גע'אָנט פּאַראויס, און בעגעגענדיג בוימער, האָבען זיי די בוימער צובראָכען און טהייל אויסגעריסען מיט דעם וואָרצעל. גאַנצע וועלדער זענען פון די שטיינער אונטערגעהאַקט און אונטערגע־שניטען געוואָרען; די קליינע געדיכטע בוימליך האָבען אויך ניט געקאָנט אָבהאַלטען דאָס וואַסער, עס איז געוואָרען אַ טייך, דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבען ווערען העכער און העכער, און האָט זיך דורכגעריסען אַ גרויסען וועג.

און אַפילו ניט גאָר קיין גרויסע רעגענס, רייסען אָב שטיינער, שווענקען אונטער די ערד; נאָר דאָס טהוט זיך אָהן רעש, אָהן טומעל, ניט יעדער זעהט און הערט דאָס. די קליינע וואַסערליך ציברעקלען אַ שטיין אַ ברעקעלע נאָך אַ ברעקעלע, אַ זעמדעלע נאָך אַ זעמדעלע; פּאַמעליך און שטיל שווענקט דאָ קליינע וואַסעריל דורך אַ גראָבינדיל, אַ קאַנאַווקעלע דאָ און דאָרט, בעט זיי אויס מיט זאַמד, און דעם ליים מיט דעם זאַמד טראָגט עס אַוועק ווייטער, אין די נידעריגע ערטער.

אין די פעלדער וואָס אין דרום רוסלאַנד ביז דעם רעכטען ברעג פון שוואַרצען ים איז די ערד אַ ווייכע, און האָט אַסך טיפע וואַסער־גראָבען; דאָס וואַסער פון נאָך יעדער רעגען שווענקט און ברעקעלט די ברעגען פון די אָווראַגען. די קליינע וואַסערליך מאַכען אין פערלויף איינינע יאָהר טיפע גראָבינס, וואָס זענען ביז 8 סאַזשען די ברייט. נאָר דער רעגען־טראָפּען איז געפעהרליך אַפילו פאַר גראַניט־שטיינער. אין פינלאַנדיע זענען דאָ אַסך גראַניטנע בערג, דער טראָפּען וואַסער וואָס פאַלט אויפ'ן שטיין קריכט אַריין אין אַלע קלענסטע שפּעלטעליך וואָס אין שטיין געפינט זיך. יעדער שטיין האָט אין זיך אַלערליי שפּאַלטען, עס זענען דאָ אַזעלכע וואָס מיט אַ געוועהנליך אויג זעהט מען זיי ניט, נאָר דאָס וואַסער געפינט זיי, און בווערט זיך איינעוויניג אַריין. די זון מיט דעם פראָסט העלפען אויך דעם טראָפּען ברעקלען דעם שטיין; פון פראָסט ווערט פון טראָפּען אין שפּאַלט־אייז, און פערגרעסערט איהם, פון די זונען־שטראַהלען צוגעהט דער אייז־טראָפּען און קריכט אַריין אין רעכטען מיט פון שטיין. און דאָרט עסט ער ווידער דעם שטיין, ער גריזעט איהם ווי אַ וואָרעם אין האָלץ. דער גרעסטער שטיין, קען ניט בעשטעהן געגען דעם קליי־נעם רעגען טראָפּען; סוף כל סוף צושיט זיך דער שטיין אויף אַסך שטיקער, די שטיקער צופאַלען אויף ברעקליך און אויף זאַמד מיט ליים; די וואַסערליך חאַפּען אונטער אי דאָס ליים, אי דעם זאַמד, דעם ליים טראָגען זיי אַוועק ווייט־ווייט, אָנפאַנג ביז אין טהאָל, פון דאָרט אין טייך. דער טייך טראָגט אַוועק דעם ליים אין ים, וואָס בלייבט דאָרט ליגען אויפ'ן גרונד.

דער זאַמד איז שווערער פון ליים, דעריבער קומט אָן די קליינע וואַסערליך ניט גאָר גרינג דאָס איבערטראָגען איהם; ביי דעם זאַמד האָט דאָס קליינע וואַסעריל אַסך טרחה מיט גרויס מיהע, יעדעס איינציגע זעמדעלע דאַרף מען קייקלען שטיל פּאַמעליך. אָט אַזוי ווערט דאָס געאַרבעט שטיל און פּאַמעליך, נאָר צום לעצט וואַשט אָב דאָס וואַסער דעם ליים פונ'ם זאַמד, דער ליים ווערט געלייגט צו איין זייט, דער זאַמד צום צווייטען

וייס. אַט אַזוי טהוען די טראָפּענס וואַסער מיט די שטיינער; זיי ברעקלען, זיי שווענקען און וואַשען, און קלויבען איבער און סאָרטירען די מותרות. אין פינלאַנדיע זענען כמעט אַלע בערג בעשאָטען מיט צוברעקעלטע שטיינער. וואו אַמאָל זענען געווען גרויסע בערג, איז איצט געבליבען פון זיי ניט מעהר ווי גרויסע שטיינער און אין פערלויף נאָך איינינע הונדערט, טויזענד יאָהר וועט פון די שטיינער אויך בלייבען ניט מעהר ווי אַ באַרג מיט שטיקליך און ברעקליך.

דאס רעגען־וואַסער ברענגט פיעל מאָל די בערג־איינוואָהנער פיעל אונגליק. אַט וואָס דאס וואַסער טהוט: עס זענען פאַראַנען צווישען די גרויסע בערג אַזעלכע ערטער, וואָס אַ גאַנץ דאָרף בויעט זיך אויף איינעם פון די גרויסע שטיינער וואָס אויפ'ן באַרג. דער דאָזיגער גרויסער שטיין ליגט אויף ליים, פון שטאַרקע רעגענס ווערט די אונטער־געווייקטע ערד זעהר גליטש, און האָט ניט מעהר קיין כח אויפצוהאַלטען אין אָבהאַלטען די גרויסע משא וואָס ליגט אויף איהר; דער שטיין הויבט זיך אָן בעוועגען, און ווערט צו־שפּאַלטען, און הויבט אָן זיך גליטשען, און גליטשען מיט אַלעם וואָס אויף איהם; פון אַזעלכע גליטשונגען אין פון אַזעלכע אָבוואַלען, וואָס קומט אַרויס דורך דאס אונטערגע־נעצטע און אונטערגעווייקטע וואַסער, האָבען געטראָפען אַזעלכע אומגליקען, וואָס גאַנץ לאַנג האָבען מענשען זיי ניט פערגעסען. דורך דעם זענען אומגעקומען טויזענדער מענשען, עס זענען אומגעקומען גאַנצע שטעדט. מיט טויזענד פינף הונדערט יאָהר צוריק, איז דורך אַזאַ אָבוואַל פערשאָטען געוואָרען אין איטאליע אַ שטאָדט מיט איהרע אַלע הייזער און איינוואָהנער. אין 563־טען יאָהר, האָט אין דער שווייץ זיך אָבגעריסען פון באַרג דאַנ־דאַש אַ גרויסער שטיין, וואָס האָט זיך אַראָפּ געקייקעלט אויף דער שטאָדט וועלכע איז געשטאַנען ביים צופוסען פון באַרג, און האָט צוקוועטשט אַלע הייזער מיט מענשען. אין 1749 יאָהר, האָט געטראָפען, אויך דאָרטען, פון באַרג דיאַבלערעט איז אַראָבגעפאַלען אַ גרויסער אָבוואַל. וואָס האָט זיך צושאָטען אויף גרויסע שטיקער, וועלכע האָבען בע־דעקט דאָס גאַנצע פעלד, מיט דעם טהאָל, וואו די פאַסטעכער האָבען געפאַסעט זייערע טשערעדעס, און עס האָט זיי פערשאָטען מיט ערד אַ סאושען 40 ביז 50 די הויך, און זענען אָבגעמעקט געוואָרען פון דער וועלט, ווי קיין מאָל ניט געוועזען. נור איין פאַסטוך איז לעבען געבליבען דורך פאָלגענדע סבה: בשעת עס האָט געטראָפען דער אָבוואַל, איז ער אין יענער ווײלע געווען ביי זיך אין זיין קליין שטיבעל, וואָס איז געשטאַנען אונטער איין אַרויסגעשטעקטען שטיין, פון דער אַנדערער זייט איז פון די אַראָבגעפאַלענע שטיי־נער געפאַלען אַ גרויסער שטיין, און דאָס שטיבעל איז געבליבען אין מיטען. פון אויבען האָט אָנגעשאָטען עטליכע שטיקליך ערד. נאָר עס האָט ניט צוקוועטשט דאָס שטי־בילע. דער אָרימער פאַסטוך האָט אָנגעהויבען זוכען אַ'ין אַרויסגאַנג. נאָר אומזיסט זיין טרחה, ער איז געוועזען לעבעדיג בעגראָבען; שפּייז איז ביי איהם ניט פיעל ניט געווען, לופט האָט זיך דורכגעשלאָגען צו איהם דורך די שטיקליך שטיינער. וואַסער האָט ער אויך געגונג געהאַט, גראָד ביים טיהר איז געלאָפען אַ וואַסעריל, נור ליכטיגקייט האָט איהם געפעהלט. און זיצענדיג אין דעם חשך האָט ער אַלע מינוט געדאַרפט מורא האָבען פאַר זיין פינסטערן לעבען, טאָמיר וועט זיך אָבברעכען נאָך אַ שטיק באַרג, און עס וועט איהם דערשטיקען. נאָר בעת דער טויט איז פאַר די אויגען דאַן ווילט זיך נאָך מעהר לעבען,

און דער חשק צום לעבען ווערט זעהר גרויס. טראַכטענדיג ווי אַזוי קריכט מען אַרויס פֿון דער ערד, האָט ער אָנגעהויבען אַרומטאַפּען און געפֿונען אַזאַ אָרט וואָס די ערד לינט ווייך, און דאָ האט ער אָנגעהויבען רייניגען אַ וועג צום אַרויסגעהן אויף דער ליכטיגער וועלט; ער האָט געגראָבען עטליכע חדשים נאָך אַנאַנד, זיינע שפּייז האָט זיך געענדיגט, און ער האָט געהונגערט; לסוף האט ער זיך דאָך דערגראָבען און איז אַרויס פֿון קבר. אַז זיין פֿרוי און קינדער האָבען איהם דערזעהן זענען זיי מיט טויט שרעק אַנטלאָפֿען פֿון איהם, ביי זיי איז קיין ספק ניט געווען אַז ער איז שוין לאַנג טויט. אין גיכען איז ער צו זיך געקומען און האָט ווידער זיך גענומען פֿאַר זיין אַרבייט פּאַסען די טשערעדע אויף די בערג.

---

4.

## וואס פאר מעשים טהוען די טייך וואסער.

ניט אין גאַנצען דאס וואַסער וואָס פֿאַלט פֿון די וואָלקען אין רעגען געשטאַלט לויפֿט אויף דער ערד; וויפֿיעל ניט איז טריקענט אויס, ווערט איינגעשלונגען אין דער ערד. נאַ־, ווי טיף אין דער ערד קען דאָס וואַסער אַריינגעהן?

פֿון די ברונען קען מען זעהן, אַז דאס וואַסער פֿון אויף דער ערד זעצט זיך אַראַב. און ווערט איינגעשלונגען טיף אין דער ערד; היינטיגע צייטען האָבען זיך אויסגעלערענט מענשען גראָבען טיפֿע ברונעמס, ביז אַ ווערסט די טיף; די ברונעמס גראָבט מען ניט מיט לאָפּעטעס, נאר מען בויערט זיי מיט אַ עקבויער, און מען בויערט אַזוי לאַנג, און אַזוי טיף ביז מען דערלאַנגט צום וואַסער. נאָהענט ביי וויסבאַדען איז פֿאַראַן אַ ברונעם פֿון אַ ווערסט די טיף, אין סענ-לואי (אין אַמעריקא) איז דאָ אַ ברונען וואָס איז מעהר פֿון אַ ווערסט די טיף; אַט אַזעלכע געבויערטע ברונעמס זענען דאָ אין פעטערבורג, און אין אַ גרויסען צאהל שטעדט אין רוסלאַנד. עס איז געווען אַמאָל אַ צייט אַז אין גאַנץ פּאַריז האט מען ניט געקאָנט בעקומען אַ טרונק גוטעס וואַסער; די איינוואָהנער האָבען ניט ווילענדיג געמוזט טרינקען דאס בלאָטיגע וואַסער פֿון טייך סיינע, וואָס ביי איהר ברעג איז געבויט פּאַריז. נאָר אויף אַרויסהעלפֿען די שטאָדט פֿון אַזאַ צרה, האָט זיך אַ אינזשינער אונטערגענומען מאַכען אַ ברונעם, פֿון איין אונגעהייער טיף, מען האט געשטעלט אַ מאַשינע, אָנגעהויבען גראָבען, 7 יאָהר האָט מען כסדר געאַרבעט, געגראָבען און לבטלה, ניט דאָ קיין וואַסער. מען האָט שוין געוואָלט וואַרפֿען די אַרבייט, נאר דאָ האָט זיך געוויזען וואַסער, עס האָט אָנגעהויבען לויפֿען פֿון אַ גוטען קוואַל; פֿאַר מעת-לעת איז אָנגעלאָפֿען 2 הונדערט טויזענד עמער וואַסער, אויפֿ'ן 2-טען טאָג 4 הונדערט טויזענד; אַזוי ביז היינטיגען טאָג לויפֿט וואַסער, און דער ברונעם גיט אַרויס וואַסער אָהן אַ שיעור פֿאַר די גאַנצע שטאָדט, וואָס טרינקען זיי מיט גרויס פֿערגניגען, דער ברונעם איז טיף 250 קלאַפֿטער אָדער אַ האַלבע ווערסט.

ווי אַזוי קומט אין אמת'ן דאס וואַסער אין אַזאַ טיפֿקייט? נאר דער תירוץ איז גאַנץ איינפֿאַך; דאס וואַסער קריכט אַריין און זינקט איין טיעף אין דער ערד, און געהט דורך דורכ'ן גרונד. איין אַנדער גרונד לאָזט דורך דאס וואַסער, איין אַנדער גרונד ניט, דהיינו;

דורך זאמד געהט דורך דאס וואסער זעהר פריי און גרינג, דורך ליים געהט ניט דורך; עס איז דאָ אין דער ערד אזעלכע ערטער, וואס אונטערן זאמד ליגט א סלאי ליים, און דער ליים שטעלט אָב, און האלט אָב דאס וואסער, אין איינינע ערטער נעהט דער פאך ליים געדרעהט, הויכער און נידעריגער, אין א האלבען בייגיל געשטאַלט, און דאס וואסער זייט זיך דורך דורכ׳ן זאמד, און זיך אָבהאלטענדיג אויף דעם ליים, געפינט זיך דאס וואסער אי הויכער אי נידעריגער, און אונטערן זאמד האט זיך דאס וואסער זיין וועג.

ניט תמיד דערלאנגט דאס וואסער א ווייטע טיפקייט אין דער ערד; וואו עס לויפט שטראָמיג, מיט גרויס מהירות, און וואו פאמעליך, ערטער־ווייז איז דער וועג פאר איהם אָפען און פריי, און ערטער־ווייז פערמאַכט און פערשטעלט; עס זענען דאָ ערטער, וואו דער זאמד ליגט צווישען 2 פאַכען ליים, און דאס וואסע־ לויפט דאָרט, סיי ביים הויכען סיי ביים נידעריגען פאך. ביי די געבויערטע ברונעמס זעהען מיר זעהר אָפט, צוערשט נעהט א סלאוו ליים, דערנאָך א סלאוו זאמד, און דאן ווידער ליים, און א 2־טען מאָל זאמד. בעגעגנט דאס וואסער ביי זיך אויפ׳ן וועג א שטיין, צווייגט איהם דאס וואסער אונטער דער ערד; אין איינינע שטיינער, מאַכט זיך דאס וואסער א ברייטען, טיפען וועג, דאס מאַכט אין שטיין א גאנצע הייל. דאָרט וואו די בערג זעגען פון קאליך, זענען אזעלכע היילען ניט קיין זעלטענהייט.

אונטער דער ערד זענען פאראן גרויסע לויפינע טייכען, אזעלכע טייכען געפינען זיך אין דייטשלאנד, זיי זענען דאָ אויף קאווקאז. אין קיסלאָוואדסק לויפט פון א שטיין א טייך קלאָרעס קאלטעס וואסער, דאס וואסער לויפט פון א גרויסען שפאַלט; מענשען האָבען גע־פראָבירט קריכען אין דעם גרויסען שפאַלט, כדי זעהן צי לויפט דאס וואסער פון גאנץ ווייט, עס זענען אהין געקראָכען אסך ניי־געריגע מענשען, גאר ביז א ברעג איז קיינער פון זיי ניט נעקומען.

דער טייך וואנדע (פראנקרייך), לויפט תחילת אויף דער ערד, דערנאך ווערט ער נעלם אונטער דער ערד און נאך א מרחק פון איינינע ווערסט, געהט ער ווידער אַרויס פון אונטער דער ערד, אויף די ליכטיגע וועלט. ניט ווייט פון דער שטאָדט נ י מ א, פון א גרויסען בארג־שפאַלט, שפריצט א קוואַל, לויפט מיט דעם שפאַלט, דערנאך בעהאַלט ער זיך ווידער אין תהום פון אונטער דער ערד, און מעהר ווייזט ער זיך ניט אַרויס; אין דרום פראנקרייך זענען דאָ איינינע טייכען. וואס געהן אריין אין דער ערד, און פליסען אונטען גאנץ טיף ביז דעם עבטען ים, און נעהן אַרויס פון אונטער דער ערד אויפ׳ן אָב־גרונד פון ים, ווייט פון ברעג. ווי אַלעמען איז ידוע, איז דאס ים וואסער געזאלצען, נאר אָט דאס טייך וואסער איז בע׳טעס׳ט און גוט צום טרינקען. די ים־פאָהרער ווייסען שוין די ערטער, און גרייטען זיך אָן דאָרט מיט גוטען וואסער. די אונטער דער ערדינע טייכען, לויפען ביי מענשען אונטער זייערע פיס, און די מענשען ווייסען דערפון כלל ניט. אין די דאָזיגע טייכען זענען פאראן אי פיש אי אנדערע בריאים. די אונטער־ערדינע טייכען פליסען אָפט א גרויסע טיפקייט, נרייכען צו זיי פון אויבען די ערד, איז ניט גרינג. נאר עס זענען געווען פעלע, אז בויערנדיג טיפע ברונעמס האָבען זיי אָנגעטראָפען פונקטליך אויף איין אונטערערדינען טייך, און פון אונטער דער ערד, איז צוזאַמען מיט דעם וואסער אַרויס פיש. דאָס זעלבינע האָט געטראָפען בעת מען האָט געבויערט א ברונעם אין וועסטפאַליע (דייטש־

לאַנד), שטאַרק, זעהר שטאַרק האָבען זיך די פּועלים פּערוואונדערט אויף דעם גרויסען חדוש זעהענדיג אַז פון דעם אייזערנעם ברונעם ט ר ו ב א לויפט וואַסער מיט קליינע ווילבערנע פישעליך. וואָס אַראָבפאַלענדיג אויף דער ערד זענען זיי ליגען געבליבען. אַרום דער געגענד איז ניט דאָ קיין וואַסער; דער איינציגער ברונעם וועלכער איז דאָרט דאָ, איז פון עטליכע צעהענדליג קלאַפטער די טיעף, די אונוויסענדע פּועלים האָבען ניט געוואוסט, אַז טייכען זענען דאָ ניט נור אויף דער ערד, נאָר אפילו אונטער די ערד.

איצט אַז מענשען וויסען שוין, אַז אונטער דער ערד לויפט אויך וואַסער, און עס זענען דאָ אונטער דער ערד טייכען, האָבען זיי זיך אויסגעלערענט צו בענוצען מיט זיי, און דערגרייכען און זיך דערשלאָגען צו וואַסער אין אזעלכע ערטער, וואס דאָרט איז כמעט ניט דאָ וואָס צו זוכען. אין צפון אַפריקא איז דאָ אַ געגענד מיט דעם נאָמען אַ ל ז ש י ר, וואו עס געפינט זיך אַ גרויסער זאַמד־מדבר, אַ וויסטער אַ טרוקענער אָהן אַ טראָפּען וואַסער. די זון באַקט און ברענט זעהר שרעקליך; מענשען און אַלע לעבעדיגע ברואים געפינען ניט קיין אָרט וואו זיך צו בעהאַלטען פון די גרויסע חמימות און היצען; און אין דעם מדבר האָבען די פראַנצויזען פּערקלערט אויסבויערען אַ ברונעם, און אין דעם הייסען טרוקענעם און וויסטען זאַמד האָט מען אין די טיעף פון $25-30$ קלאַפטער געפונען לויפעדיג וואַסער. דאס וואַסער לויפט אַהער פון גאַנץ ווייט פאַר אַ מרחק פון הונדערטער ווערסט, פון יענע געגענדען וואו עס זענען פאַראַן טייכען און עס געהן רעגענס, זי לויפט אונטער דעם אונטערדיגען סלאָוו ליים, וואָס זעהט אויס ווי אַראָב באַרג צו אַ ל ז ש י ר. דאס וואַסער נעהט פון גאַנץ טיעף אַרויס אַהער אויף די פערטריקענטע ערד, וואָס האָט געשלונגען מיט גרויס דאָרשט דאס וואַסער, און זיך אָנגעזעטיגט, עס האט אָנגעהויבען וואַקסען גראָז, עס האָבען אָנגעהויבען וואַקסען און שפּראָצען בוימער. איין וואָרט: פון מדבר איז געוואָרען אַ ישוב.

אין אַסטראַחאַנער גובערניע, אין די קאַלמיקישע סטעפּעס בויערט מען איצט, אויך אזעלכע ברונעמס. אָט זענען די נוצען וואָס מע האָט פון די אונטערערדינע לויפעדיגע וואַסערן; נאָר מע קאָן ניט אָבלייקענען, דאס דאָזיגע וואַסער ברענגט פיעל מאָל ניט ווייניג שאָדען. דאס וואַסער גראָבט אונטער די ערד גרויסע היילען. עס זענען דאָ אזעלכע היילען, וואָס פון פאַל ביז אין סטעליע איז עטליכע צעהענדליג קלאַפטער. אין צפון אַמעריקא איז פאַראַן אַ הייל וואָס נעהט סוף אין דער ערד אַ ווערסט 15. אין דעם הייל זענען דאָ גאַנצע גאַסען לאַנגע און גרויסע, וואָס דאס וואַסער האָט אויסגעבויערט און דורכגעשווענקט; מען זאָל די אַלע גאַסען צוזאַמען לייגען אַ גלייכע שורה, וועט דאָס זיין אַמרחק פון אַ ווערסט 200. און דעם הייל זענען דאָ לויפיגע טייכען און גאַנצע אָזערעס און וואַסער־פאַלען. אייניגע ערטער זענען אַזוי טיעף, אַז עד היום האָט נאָך קיינער ניט דערגרייכט זייער גרונד. דעם דאָזיגען הייל רופט מען מ אַ מ אָ נ ט ע, ווייל מען האָט דאָ אמאָל געפונען די ביינער פון דער חיה. נאָר גאַנץ טיעף אין דער ערד זענען דאָ היילען, וואָס זענען קיין ערך ניט, אַסך גרעסער.

אַז די סטעליע פונ'ס הייל איז פון ווייכע שטיינער האַלט ער ניט אויס די שווערקייט פון די גאַנצע משא ערד וואָס ליגט אויף זיי. דערפון איז איין אונטערערדינער אָבוואַל; די סטעליע ריהרט זיך, הויבט אָן פאַלען און זיך אַראָבלאָזען, און די ערד פון

אויבען ציטערט. אז פון אויבען אויף די דאָזיגע ערד איז אויסגעבויעט א שטאָדט, א דאָרף, קאן פון אזא ערדציטערניש לייכט איינפאלען אלע בִּנְיָנִים, און מֵמִית זיין אסך מענשען. אזעלכע ערדציטערנישען זענען שוין געווען ניט איין מאָל, און מענשען געדענ־קען זיי. אין 1827-טען יאָהר ביי דער שטאָדט וואגשטאדט אין עסטרייך, האָט מען אונגע־ריכט דערהערט א משונה קרעכטץ אונטער דער ערד; מיט גרויס שרעק זענען די איינוואָהנער ארויסגעלאָפען פון די הייזער אויפ'ן גאַס; די ערד האָט געטרעש'ט, מען האָט געהערט א שטארקען קלאפ, א גרויסען זעטץ איין מאָל, און א 2 טען מאָל, די בנינים האָבען אָנגעהויבען ציטערן און שפאלטען. דערנאָך איז אלעס שטיל געוואָרען. נאָך דעם האָט מען זיך דערוואוסט, אז ביי דער שטאָדט האָט זיך א גאַנצע דעסיאַטינע ערד אראָבגעלאָזען אין תהום. געטראָפען האָט דאָס דערפון, וואָס דאס וואסער האָט אונטערגעגראָבען א גרויסען א טיפען הייל אויף דעם אָרט, און די שוואכע סטעליע האָט זיך איינגעבראָכען. אין צפון אַפריקא, אין 1755 טען יאָהר, איז אריינגעפאלען אין אזא הייל א גאַנץ דאָרף, הייזער מענשען און בהמות.

אז די הייל איז ניט זעהר טיעף, בלייבט אויף דעם אָרט נאָכ'ן איינפאלען א גרוב וואָס איז גלייך צו א לאָך פון א פאַס, נאר אויב דער הייל איז זעהר טיעף, בלייבט ניט איבער אפילו קיין גריביל. אָט דאָס אלעס טהוט דאס וואסער וואָס זינקט איין און געהט אריין אין דער ערד. דאָרטען אין דער ערד, גאָר גלייך ווי אויף דער ערד, ארבייט דאס וואַסער אָהן א שום מידינקייט, און שווינקט און ברעקעלט און עסט די ערד, שלאָגט זיך דורך, און בויעט זיך אונטער דער ערד גאַנצע וועגען מיט שטעשקעס; אונטער אונזערע פיס רוהט ניט דאס וואסער און ארבייט אזעלכע גרויסע און שווערע אויך וואונדערליכע ארבייט, וואָס עס איז ניט גרינג זיך פאָרצושטעלען.

(פאָרטזעטצונג קומט).

ג. ח. לעוונער.

# ווי מען פלעגט שרייבען פאר צייטען.

דאס פאפיער, אויף וועלכען מיר שרייבען און דרוקען איצט, ווערט געמאכט פון שמאטעס. דאס מיטעל, ווי איבערצואַרבייטען שמאטעס אויף פאפיער, איז ערפונען געוואָרען נאָך מיט 900 יאָהר צוריק און איבער 200 יאָהר אָרום איז שוין די ערפינדונג בעקאַנט געוואָרען אין גאַנץ אייראָפּא. איידער מען האט געהאַט ערפונען פאַפּיער, פלעגט מען שרייבען אויף פערגאמענט, אויף וועלכען עס ווערען נאָך איצט געשריבען ספרי־תּוֹרוֹת אָדער וויכטיגע דאָקומענטען. די אַלטע פעלקער האָבען געשריבען מיט אַ גריפעל אויף ברעטעליך, וועלכע מען פלעגט בעדעקען מיט וואַקס, אָדער מיט פאַרב אויף האָלץ און אויף לייוועגט. עפּטער פון אַלץ פלעגט מען אָבער פאַר צייטען שרייבען אויף בלעטער פון אַ פלאַנצונג, וואָס האָט געוואַקסען אין מצרים און וואָס איז בעקאַנט געוועזען אונטער דעם נאָמען פאַפּירוס. דערפון איז אויך ענטשטאַנען דאָס וואָרט „פאַפיער“. דער האַנדעל מיט פאַפּירוס איז געוועזען אין מצרים זעהר גרויס, ווייל פון דאָרט פלעגט די גאַנצע וועלט בעציהען איהר שרייב־מאַטעריאַל.

פאַפּירוס זעהט אויס ווי אַ איינפאַכער טשערעט, וואָס וואַקסט אין וואַסער. פאַפּירוס האָט ליעב אַ פלאַכעס, שטילעס און ריינעס וואַסער. זיין וואָרצעל איז פון אָנהויב דין און ווייך, אָבער דערנאָך ווערט ער אַלץ האַרטער און לאָזט זיך פונאַנדער פון אַלע זייטען איבער דעם גרונט פון טייך, כדי זיין גלייכער, הויכער שטייגעל זאָל זיך קענען האַלטען געגען ווינד. ביים וואַסער, ניט ווייט פון די וואָרצלען, זעגען נאָך פאַרהאַן בלעטער, נאָר העכער איז שוין דער פאַפּירוס גלאַט און גלייך. דער פאַפּירוס דערגרייכט אָפּטמאָל ביז 7—8 אַרשין אין דער הויך. פון אויבען האָט דער פאַפּירוס אַ קעפּיל, וואָס בעשטעהט פון אַ סך שענע, גרינינקע הערעליך, מיט ווייכע זיידענע שמעקעדיגע בלומעליך. דער גאַנצער שטייגעל, פון אויבען ביז אונטען, איז בעדעקט מיט צוויי הייטליך. איינס איז זעהר דין און ווייס, דאָס צווייטע איז דונקעל גרין און האַרטער. פון אָט דעם ווייכען הייטיל האָבען די אַלטע מצריים געמאַכט זייער בעריהמטעס פאַפיער.

אין אָנהויב הערבסט, ווען די פלאַנצונג הערט אויף צו בליהען, דאַרף מען פאָרזיכטיג אָראָבנעהמען גאַנצערהייט דאָס אויבערשטע הייטיל; נאָר אויף שרייבען טויג נאָך ניט דאָס הייטיל, ווייל עס איז צו דין. דאָס הייטיל לעגט מען פונאַנדער אויף אַ גלאַטען מאַרמאָרנעם טיש, מען לעגט אַרויף אויף איהם נאָך אַ צווייטעס הייטיל און מען גיסט אַרויף אויף זיי אַביסיל וואַסער. די קונסט פון פאַבריקאַנט איז בעשטאַנען אין דעם, מען זאָל צו דער צייט אַראָבגיסען דאָס וואַסער, ווען עס צונעהן די קלעפּער־

דיגע טהיילען פון הייטיל און שטעהען צו איינס צום אנדערען. דאן דארף מען נור לאזען עטוואס אויסטריקענען די צונעקלעפטע ציווי הייטליך, זיי גלייך גוט אויסקלא־פען מיט א האמעריל און דערנאך זיי אויסגלייכען און אויסגלעטען מיט העלפאנטביין. דערמיט איז שוין די ארבייט געענדיגט, און עס איז שוין פארטיג א לאנגעס בלאט פאפיער פון 3 ווערשאק די ברייט.

כדי צו שרייבען אויף אזא בלאט, דארף מען עס האלטען צוז מעננעדרעהט ווי א מגילה. מען דרעהט אב איין ברעג, אויף וועלכען מען הויבט אן צו שרייבען, און וואס ווייטער מען שרייבט דרעהט מען אל'ץ מעהר אב דעם פאפירוס פון איין זייט און מען דרעהט צוזאמען דעם פערשריבענעם ברעג. פונאנדערשניידען, פונאנדערבויגען אדער צוזאמענגעהען דעם פאפירוס אין ביכער אדער אין העפטען האט ניט געלוינט, ווייל דער פאפירוס איז צו שמאל, און עס וואלט צו פיעל פון דעם טייערען שרייב־מאטעריאל פערלארען געגאנגען אומזיסט. אויפ'ן פאפירוס האט מען געדארפט שרייבען געדיכט און מיט זעהר קליינע אותיות'ליך. די מחברים און די איבערשרייבער פלעגען זיך דערום סטארען גאנצע טהיילען פון ספרים אנצושרייבען אויף איין פאפירוס.

אין דער רוימישער שטאדט הערקולאנום, וואס איז פערשאטען געווארען מיט אש ביי דער גרויסער ערדציטערניש, זענען אבגעלעגען ביז צו היינטינער צייט מגילות פון פאפירוס. איינינע פון זיי זענען אזוי גלאט און דין, אז זיי זענען ניט ערגער פאר די בעסטע איצטיגע סארטען פאפיער.

איצט איז דער פאפירוס געווארען זעהר זעלטען אפילו אויך אין מצרים, ווייל איצט ביי דעם וואלוועלעם פאפיער דארף מען דעם פאפירוס שוין מעהר ניט האבען. פאר צייטען פלעגט מען איהם אבער אגב פערפלאנצען ביי די ברעגעס פון דעם טייך נילוס. דער פאפירוס איז איצט אויך פארהאן אין דער איטאליענישער אינזעל סיציליען, ניט ווייט פון דער שטאדט סיראקוז. מיט צוויי טויזענד יאהר צוריק האט דער הער־שער פון סיראקוז געקראגען פון תלמי דעם מלך פון מצרים פאר א מתנה זאמען פון דער דאזיגער טייערער פלאנצונג. די זאמען האבען זיך אנגענומען, און פון יענער צייט אן האלט זיך און מעהרט זיך דער פאפירוס אין דעם שענעם, ווארימען קלימאט פון סיציליען. די איינוואהנער פון סיראקוז מאכען נאך אויך איצט פאפיער פון איהם און פערקויפען עס ווי א זעלטענהייט. אבער ביי זייער גאנצער מיה קענען זיי ניט ארויס־ברייננען אזא גוטעס פאפיער, ווי עס איז אמאל געווען אין דעם אלטען מצרים.

א ב נ ר.

# ר א ש ה ו ד ש.

מן הסתם ווייסט איהר שוין פון טעגליכע און וואכען־בלעטער פון דעם נייעם גע־זעטץ, וואס רומעניען האט ארויסגעגעבען צו דערשטיקען דאס לעצטע ביסיל יודישע לע־בען, וואס פאבעט קוים אין דעם בלוט־גען לאנד, אין נייעם הישפאניען, וואס איז קלינער פאר'ן אלטען און ברענט און בראט אהן פייער, אהן האלץ און אהן אינקוויזיטארישע צערעמאניען.

דאס געזעץ איז גאנץ איינפאך: „פרעמדע, — זאגט דאס געזעץ — טארען זיך אין רומעניען נישט בעשעפטיגען מיט קיין שום מלאכה, כל זמן זיי ווערען נישט בעווייזען, אז אין זייער היים, אין זייער לאנד, הייסט עס, האט דער רומענער דאס פרייע רעכט צו זיין א בעל־מלאכה".

דאכט זיך, גאנץ ערהרליך. צווישען פעלקער און מדינות איז פון אייבינג אן דאס רעכט: „שמור לי ואשמור לך" — „ווי דו פיהרסט דיך מיט מיינע מענשען, וועל איך מיך פיהרען מיט ד י י נ ע". איז אבער דא אין דעם געזעץ א פיין שפיציל, א שארף שפיציל, וואס טרעפט גלייך דעם יוד אין האלז אריין!

אלע רומענישע יודען, אויסער א גאנץ קליינעם פראצענט הייסען, לויט דעם רומע־נישען געזעץ: פ ר ע מ ד ע!

עס מאכט נישט אויס, וואס יודען זענען פריהער אין לאנד אריין געקומען ווי די רומענער, עס מאכט נישט אויס, אז זיי דיענען אין מיליטער, פערגיסען זייער בלוט פאר רומעניען, צאהלען שטייער און, ווי געוועהנליך, א דאנק דער ערהרליכקייט פון די בעאמ־טען, פיעל מעהר ווי די רומענער, אין מוזען דערביי אויף איינענע קאסטען אויסהאלטען אלע יודישע אינסטיטוציאנען פאר צדקה און רעליגיאן, פון וועלכע די רומענישע רעגירונג, וואס פערזארגט דערמיט אלע אנדערע רעליגיאנען, וויל נישט וויסען. עס מאכט נישט אויס, וואס כמעט יעדער רומענישער יוד האט אין דער רומענישער ערד קברים פון זיידעס און עלטער זיידעס — לויט'ן געזעץ זענען זיי פרעמדע!

און אלס פרעמדע קענען זיי זיך נישט בעשעפטיגען מיט דער מלאכה, כל זמן זיי וועלען נישט פארשטעלען דער פאליציי קיין בעווייז, אז אין זייער לאנד, ביי זיי אין דער היים, האט דער רומענער דאס רעכט א בעל־מלאכה צו זיין!

און אזוי ווי די יודישע רומענער האבען נישט קיין היים, קיין אייגענע לאנד, וואו דער רומענער זאל קענען זיין א בעל־מלאכה, על כן — שטארבט יודען פאר הונגער!..

אַזוי האָט פערשטאַנען דאָס גאַנץ גאַנצע אייראָפּא, און אַלע אייראָפּעאישע בלעטער (אויסער עטליכע אַנטיסעמיטישע) זענען אַרויסגעטרעטען מיט אַ שאַרפער קריטיק גענען דעם באַרבאַרישען געזעץ; אַזוי האָט פערשטאַנען דאָס געזעץ גאַנץ רומעניען, און בפרט די רומענישע בעל־מלאכה׳ס, וואָס האָבען געמאַכט אסיפות מיט שׂשׂון וְשׂמחה און אויס־געררופען, אַז זיי וועלען מיט איינגעם כח נייטהען די יודען, ויי זאָלען זיך אונטערגעבען דעם נייעם געזעץ און די פּאָליציי, זי זאָל שטרענג דערויף אכטונג געבען! אַזוי האָבען פערשטאַנען דאָס געזעץ אַלע רומענישע יודען, וואָס האָבען זיך דערפיהלט, ווי די יודען פאַר פורים אין מרדכי ואסתר׳ס צייטען, און בפרט די יודישע בעל־מלאכה׳ס וואָס האָבען זיך פערזאַמעלט און אַרויסגעגעבען אַ שטאַרקען, מיט בלוט פון האַרץ געשריבענעם, פּראָטעסט און איין אויפרוף דאָס לאַנד צו פערלאָזען! פריהער פאַר אַלע האָבען נישט אַנדערש פערשטאַנען דאָס אַכזר׳שע געזעץ דער מיניסטער, וואָס האָט עס פאָרגעלעגט און דער פּאַרלאַמענט, וואָס האָט עס אָנגענומען.

און פון דעסטוועגען, זאָגט היינט דער מיניסטער, אַז ער האָט עס אַנדערש געמיינט! רומעניען דאַרף זיך געלד צו באָרגען, מען דאַרף אָנקומען צו יודיש־אייראָפּעאיש קאַפּיטאַל אויך, און וואָס מען וועט אויף אַנדערע קאַפּיטאַליסטען נישט זאָגען, אַזוי אונ־פערשעמט זענען זיי נישט, ויי זאָלען אונטערשטיצען דאָס לאַנד אין דער צייט, ווען יודיש בלוט רינט אין ויינע גאַסען...

אפשר שפּעטער מיט דער צייט, אַז מען וועט דערמיט געוואָהנט ווערען! ווענינס־טענס ווען די אייראָפּעאישע צייטונגען וועלען אויפהערען דערפון צו שרייבען...

און דעריבער, אַז מען דאַרף צום יוד און דער יוד קרומט זיך, מאַכט דער מיניסטער מ׳׳ט׳ן קעניג קאַרל אַ נייעם פירוש צום דין!

יודען, הייסט עס, וואָס האָבען נישט וייער לאַנד, וואָס האָבען נישט וייער היים פון וואַנען זיי זאָלען קענען ברייננען אַ בעווייז אַז די רומעג׳ער האָבען דאָרט דאָס רעכט צו זיין בעלי מלאכות, זענען נישט מחויב דעם בעווייז צו ברענגען.

און מען האָט גערופען דעם בוקאַרעשטער רב און געזאָגט איהם, נאָך עטליכע קאָמפּלימענטען, דעם נייען פירוש, אויך האָט מען דעם פירוש מודיע געוועזען אין די אייראָפּעאישע בלעטער. אַלע אָבער ווייסען, אַז דער פירוש וועט נישט פאָרגעשטעלט ווערען דעם פּאַרלאַמענט צום בעשטעטיגען, אַז דער פּאַרלאַמענט וואָלט עס נישט בע־שטעטיגט, אַז דאָס גאַנצע רומענישע פאָלק, וואָס האָט וועניגער גערעכטע ווי סדום, נור אַ בעסער מזל פאַר סדום, גלויבט נישט דעם פירוש, און, אַז באַלד נאָך דער הלואה, וועט די רעגירונג מיט׳ן מיניסטער אַנדערש טייטשען, העכסטענס וועט מען צו דעם צוועק מאַכען איין אַנדער מיניסטער. .

דער פּאַרלאַמענט, דאָס רומענישע פאָלק, בפרט די רומענישע בעלי מלאכות מעגען בלייבען די איינענע...

---

אין וויענער „אַליאַנס איזראעליט" איז געוועזען אַ אסיפה. און אויף דער אסיפה האָט מען זיך אָסך געשפאַרט וועגען ציוניזם (עס איז געקומען ד״ר הערצל מיט אַסך מיטגליעדער

ציוניסטען) און אביסיל נערעדט וועגען רומענישע יודען, אביסיל און דערצו נאך – פּער־שטעלט, עס טהוט זיך עפּיס, נאר בסוד...

צי עס וועט נעראָטען, ווער ווייסט?

דערווייל מוזען רומענישע יודען עמיגרירען... אויף אליאַנסען זיך אין גאַנצען פּער־לאָזען קען מען נישט! קיין גוטער ווילען, קיין הייסער ווילען אפילו, צו טהון פעהלט נישט; נאר כח פעהלט, געלד פעהלט — דאָס איינציג יודישע כלי־זיין!

נאר עמיגרירען טאָרען זיי אויך נישט אָפּען.

עס זאָל קיין שלעכטען איינדרוק נישט מאכען אויף אייראָפּא, דאָס הייסט אויף די אייראָפּעאישע קאַפּיטאַלען, האָט די רומענישע פּאָליצײ פערוועהרט די רומענישע יודען זיך צו פערזאַמלען, אסיפות צו מאַכען און אָבצוקלערען, ווי אַזוי און וואו אַהין צו עמיגריערען...

צו דעם אייגענטליך דאַרף מען קיין גרויסע אסיפות נישט...

ווי אזוי צו עמיגריערען?

צי פוס; עס איז אויף קיין באַהן־געלד נישט דאָ...

מיט וואָס?

מיט דער אויסגעמאַטערטער נשמה; עס איז נישט דאָ, וואָס פון רומעניען אַרויס־צופיהרען, אויסער דער קראַנקער, פּער׳סמ׳טער נשמה...

וואו אַהין?

וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט...

ענגלאַנד פערשליסט זיך פאַר פרעמדע, אין רעשט אייראָפּא איז נישט דאָ וואו א שפּילקע אַריינצו־וואַרפען... אַמעריקא, דאָס אַמאָל יונג נעוועזענע, פרייע, אָפענע אַמעריקא, האָט שוין לאַנג אָנגעהויבען אין א פּאָליטיש ענגען גאָרסעט זיך צו שנידען!

קאַנאַדאַ דאַרף אויך קיין יודען נישט!

איין טראַנסוואַל, די לעצטע האָפנונג; איז אָבער מלחמה אין טראַנסוואַל! און ווי עס זעהט אויס, וועט זיך די מלחמה נאָך ניט אַזוי ניך אויסלאָזען.

---

אין אַנדערע לענדער אויסער רומעניען וועלען מיר אויך קיין נחת נישט שעפּען...

נחת פון דייטשלאַנד: עס פאַלען דאָרט אָב אַלע אַנטיסעמיטישע בלעטער, ווייל מען דאַרף זיי שוין נישט; כמעט די גאַנצע פרעסע איז אַנטיסעמיטיש... נאָך א פרייד: מען זעצט אריין איין אַנטיסעמיט נאָכ׳ן צווייטען, אַנטיסעמיטען באַנקראָטירען און נעהמען צו אַלעם בייז — ווייל דער אַנטיסעמיטיזם האָט אויפגעהערט א געשעפט צו זיין; אויס מאָנאָפּאָל — אַלע האָבען פיינד א יוד! דער מאָאַר האָט זיינס געטהון, זאָל ער געהען צו אַלדע שוואַרצע יאָהר!

פון פראַנקרייך הערט מען באמת ישועות ונחמות...

עס זענען וואַהלען געוועזען, די גרויסע פראַנצויזישע קלפּי איז אַריבער! און עס האָט זיך אויסגעוויזען אַז די ליבעראַלע, האַלב־ראַדיקאַלע און א קליין־ביסיל־סאָציאַלע רעגיערונג האָט גובר געוועזען, ממש געזיגט; אסך אַנטיסעמיטען זענען אָבגעפאַלען,

„דריומאן" אַליין, דער נרעסטער אַנטיסעמיטישער העלד האָט זיך נישט דערהאַלטען! מען האָט אויסגעקליבען אין פּאַרלאַמענט אַריין אפילו דרייפוס מענשען, אויף וועלכע מען פלעגט שפּייען אין די נאַסען... און אלושיר אפילו זענען די אַנטיסעמיטען געפאַלען!

ליידער איז עס „אֵלִיָהוּ־וְקוּק־בָּה", אין פרייער איבערועצונג איז עס: א רויז מיט א שטעכענדינער דאָרן!

נעזיענט האָט די פּרייהייט אין דער פּראָווינץ; דער פינסטערער נאַציאָנאַליזם מיט'ן אַנטיסעמיטיזם אונטערגעשלאָגען — אין פּאַריז!

און ווייסט איהר, וואָס פּאַריז איז פאַר די פראַנצויזישע פּראָווינץ? דאָס זעלבע, וואָס דאָס אַמאָלינע רייכע, שטאָלצע און שטאַרקע פראַנקרייך, פון פאַר'ן אונגליקליכען פראַנצויזיש־דייטשען קריעג, איז געוועזען פאַר גאַנץ איירָאפּא! — א פאַבריק פון נייע מאָדען, פון נייע געדאַנקען, פון פּאָליטישע אידעען! —

וואָס עס געהט היינט אויף אין פּאַריז, וועט מאָרגען וואַקסען און צעוואַקסען זיך אין גאַנצען פּראַנקרייך! און אין פּאַריז איז אויפגעגאַנגען — א בלוטיגע זון... דער פינסטערער נאַציאָנאַליסטישער אנטיסעמיטיזם!

---

אֶפשר וועט איהר אייך טרייסטען דערמיט, וואָס אין דער ענגלישער קאָמיסיע, וואָס מען האָט אויסגעקליבען אויסצוקלערען תקנות, ווי אזוי פּטור צו ווערען פון נייע עמיגראַנטען, איז אַריין איין יוד אויך, דער לאָרד ראָטשילד?

און אֶפשר דערמיט, וואָס אין איטאַליען, לויט מען טעלעגראַפירט צו אלע צייטונגען, וועט זיין א קריעגסמיניסטער אַ יוד?

א מאָראַלישע טרייסט איז עס...

ענגלאַנד מיינט אַלע פרעמדע. נישט דוקא יודען! 99 פּראָצענט וועלען מיר ליידען דערפון, אָבער ענגלאַנד איז, על כל פנים ביז היינט, קענען יודען נישט אויפגעהעצט. איטאַליען געטרויט איהר אַרמעע, איהר גאַנצען כבוד אין יודישע הענד אַריין!

אָבער מאַטעריעל — קיין ברויט וועט דערפון נישט זיין...

און מיר דאַרפען צום אַלעם ערשטען ברויט!

ניט פריהער איין אָרט דאָס ברויט צו פערדיענען! און דערנאָך וועלען מיר לעבּצען צו אַ ביסיל כבוד אויך!

---

אין גאַליציען — דערוועלבער דלות...

פון רוסלאַנד האָבען מיר נור צו דערצעהלען נייעס פון היימישען יודישען לעבען.

די אָרעסער אָבטהיילונג פון דער פעטערבורגער חברה „מפיצי השכלה" האָט אָבגעזאָגט איינינע פון איהרע מיטגליעדער, וואָס האָבען פערלאַנגט, אַז די שוהלען, וואָס די אָבטהיילונג פיהרט, זאָלען ווערען פעריודישט, מען זאָל אין זיי לערנען העברעאיש, יודישע געשיכטע וכדומה, אָבגעזאָגט דעריבער, ווייל פעריודישטע שוהלען זענען נישט נויטהיג...

דאָס פּראַקטישע לעבען — זאָגט די אָבטהיילונג — פּערלאַנגט זיי נישט, די „חדרים־מתוקנים", וואָס מען האָט קינסטליך געמאַכט, פֿאַלען אָב... און ברייננט ציפּערן דערויף!

אַמאָל האָט דאָס „פּראַקטישע לעבען" געשריען „שקאָלים־ניע־זשעלאיעם" און די „מפיצי השכלה" האָט זיך נישט דערשראָקען; זיי האָבען געוואוסט, אז דאָס רופט נור דאָס בלינדע „פּראַקטישע לעבען" פֿון היינטיגען טאָג, וואָס בעהאַלט זיך ווי א פּראָש אין וואַרימען געמויזיכטס און וויל נישט אַרויס אויף דער ליכטיגער שיין, און האָט שוהלען געמאַכט...

היינט שפּיעלען די מפיצי השכלה אַליין, וועניגסטענס די אָדעסער אבטהיילונג, די ראָלע פֿראָש אין געמויזיכטס... זיי ווילען אויך נישט אַרויס פֿון וואַרימען שליים, ווילען אויך נישט זעהען ווייטער פֿון די אייגענע נעז, דאָס הייסט גאַנץ קורץ, הנם די נעז זענען גענוג לאַנג...

און עס פֿאַלט זיי גאָר נישט איין, אַז צו „באָרשט דאַרף מען קיין צייהגער ניט; אַז וואָס דאָס נידריגע, קורצזיכטיגע, היינטיגע לעבען בעדאַרף און פֿערשטעהט, אַז עס דאַרף, דאָס בעשאַפֿט עס זיך אַליין, און דערצו דאַרף מען קיין „חברות" נישט, קיין אבטהיילונגען פֿון חברות אודאי נישט... אַז, אויב דאָס אָרימע, פֿערשלאָגענע פֿאָלק קוקט נישט אַרויף, נאָר אַראָב, מוזען עס פֿאַר איהם טהון זיינע מכלומר'שט גרויסע, בעסערע, קלינערע, העכערע! וואָרען אז ניט — ווער דאַרף אייך? רוקט אייך אַ ביסילע ווייטער, וועט אייך און אונז בעסער זיין!

---

א וויכטיג נייעס איז אפשר אויך די צ'וניסטיש־רבנישע פּאַרטיי.

כל זמן דער ציוניזם האָט זיך פֿאָרגעשטעלט אלס פּאָליטישע אידעע, האָבען די אַלע, וואָס ־אבען געגלויבט אין די מעגליכקייט אויסצופֿיהרען א ציוניסטיש פּראָגראַם מיט דער הילף פֿון פֿאָלק, מיט'ן ווילען פֿון סולטאַן און בייששטעהען פֿון אייראָפּעאישע גראָס־מעכטע, געקענט זיך האַלטען צוזאַמען; סיי פֿרומע רבנים, סיי אַלט־מאָדישע בעלי־בתים, סיי פֿאַבריקאַנטען, סיי בעלי־מלאכות און אַרבייטער, סיי סטודענטען און אפילו גאַנץ רויטע יונגע לייט — אַלע האָבען פֿערשטאַנען און געוואָלט „ציון", האָטש צו פֿערשיעדענע צוועקען!

נאָר אין פּאָליטישען פּראָגראַם האָבען נישט אַלע געקענט אַרבייטען.

מיט דעם האָט זיך בעשעפֿטיגט דער ד"ר הערצל מיט דער הילף פֿון נאָך עטליכע פּערטרויאונגס־מענער, אין רשות הרבים — אין אָפֿענעם מאַרק מאַכט מען קיין פּאָליטיק נישט...

יונגע לייט ווילען אָבער אַרבייט; ציוניסטישע פֿעראיינען ווילען אויך עפּים טהון. דרשות האַלטען איבער ציון, קלויבען שקל'ען, פֿערקויפֿען אַקציען — דאָס אַלץ שטילט נישט דעם הונגער עפּים צו טהון פֿאַר'ן פֿאָלק און מען האָט געשטעלט די פֿראַגע פֿון קולטור...

מען האָט די קולטור אַריינגענומען אין ציוניסטישען פּראָגראַם מיט דער טענה: אַז מיר מוזען זיך פֿריהער קולטיווירען, אלס פֿאָלק, אויסבילדען און פֿעהיג מאַכען א לאַנד

צו בעויצען! און קוים איז אַריין די קולטור, האָט נעמווט אַרוים דער שלום צווישען דעם ציוניסטישען עולם.

אלע „שטעהען אויפ'ן פראָגראַם פון באַזעלער קאָנגרעס" בנוגע צו דער ציוניסטישער הויפּט־אידעע, אָבער נישט אלע קענען אייניג זיין ווענען קולטור; עפּיס שמעקט פאָרט מיט השכלה!

פאַר'ן פרומען רב איז קולטור: עין יעקב, פאַר'ן געבילדעטען: יודישע געשיכטע, אַלגעמיי'ן וויסען, פאַר אַנדערע נאָך עפּיס אַנדערש, נאָך עפּיס טיעפּערס...

יעדער וויל זיין קולטור, ויינע שוהלען, זיין ליטעראַטור... און דעריבער מוז יעדערער האָבען זיין בעזונדערע חברה!

אַלס די ערשטע אָבגעזונדערטע פּאַרטיי ווענען אַרוים די יונגע ציוניסטען; אַלס די צווייטע — די פרומע רבנים...

די לעצטע האָבען געגרינדעט א חברה „מזרחי".

ווענען די פּראָגראַמען פון ביידע פּאַרטייען וועלען מיר שרייבען אין אַ בעזונדער אַרטיקעל...

דערוויל האָט איהר אַ נייעס: פרומע יודען אָרגאַניזירען זיך! רבנים מאַכען חברות אַלס פרייערער מענש האָב איך פאַר זיי מורא, די פינסטערקייט וועט אין דער אָרגאַניזאַציע שטאַרקער און נעדיכטער ווערען... עס וועט נאָך מעהר ווימלען מיט'ן אַלטען אַלט־וואַרג... נאַר אַלס אַ יוד פרעה איך מיך! יעדע אָרגאַניזאַציע, ציוניסטישע, נאַציאָנאַלע, פרייע, רבנישע, וואָס איהר ווילט, איז אַ צייכען פון אויפלעבען, פון פרישער קראַפט, פון יודישער קראַפט...

„עס וועט זיך דורכמאָהלען און מעהל וועט זיין"!

---

וואָס נאָך פאַר אַ נייעס קען איך אייך דערצעהלען פון פערגאַנגענעם חדש?

עס געהט צו זומער... פאָטען פרעהען זיך: גרעוליך וועלען אויפוואַקסען, פייגעליך וועלען זינגען, זומער פייגעליך היפּען און שפרינגען, דאָס טייכיל וועט נאַר מחיה'דיג רוישען אין דער שטיל. די ביימער וועלען זיך שאָקלען און סוד'ען זיך גאָט ווייס פון וואָס... אַ הימעל וועט זיין אַ בלאָהער, אַ הויכער, פיינער בלאָהער הימעל, מיט זילבערנע נעפּעליך; און קלאָרע נעכט וועלען זיין, און טיעפּע נעכט, נעכט מיט אַ זילבערנער לבנה. גילדענע שטערען, נעכט מיט זיסער בענגשאַפט. מיט גן־עדן'דיג האַרץ ציטערן... מיט... מיט... מיט אַלעם גוטען...

דער פּראָווינץ־יוד אָבער ציטערט פאַר'ן זומער, גאַנצע קהלות ציטערן... מען האָט קיין רוה ביי טאָג, מען שלאָפט נישט ביי נאַכט:

דער זומער געהט. — שרפות געהען...

הילצערנע הייזער, שטרויענע דעכער... די ברענענדיגע זון... שלעכטע, פערביטערטע מענשען... אַבי אַ פונק און אוים שטאָדט, אוים... אַלץ אוים!

און עס האָט זיך שוין אָנגעהויבען...

באַברויסק איז שוין אָבגעברענט...

י. ל. צופעלין.

# יודישע וויטצען.

צוזאַמענגעקליבען און באַרבייט

דורך ר י ש.

---

### 1) א טִפֵּש איז ער געוועזן ?

אַ חסיד, וואָס האָט גאָר נישט פיינט געהאַט דאָס ביסיל שנאַפּס, האָט אַ מאָל געזאָגט :

איך טרינק בראָנפען מיט אַ קל־וחומר : מה דאָך שלמה המלך, וואָס איז געווען לכל הדעות אַ חכם גדול, האָט ליעב געהאַט דעם טרינק, דאַרף איך דאָך אודאי טרינקען בראָנפען.

— פון וואַנען איז עס געדרונגען, אַז שלמה המלך האָט געטרונקען בראָנפען ? פרעגט איהם דער צווייטער.

— וואָס הייסט — ענטפערט יענער מיט אַ וואונדער—ווי מיינסטו, אַ שטיגער עפּיס אַ טפש איז ער געוועזן ער זאָל נישט טרינקען ? !

*

### 2) א גוטער קאָפּ.

אַ חסיד האָט דערצעהלט :

איך האָב געהערט זאָגען אַמאָל אז אַ גוטער קאָפּ קען אַסך טרינקען, האָב איך זיך מישב געווען און האָב מיטגענומען מיט מיר אין שענק מיין „רמב"ם" : ער האָט דאָך אודאי דעם גוטען קאָפּ. האָבען מיר געמאַכט אַ גוטען שנאַפּס. וואָס טויג עס איך, א י ך האָב זיך נאָך געקענט ווי עס איז דערשלעפּען אהיים. און ע ר האָט טאַקע געמוזט דאָרט פערבלייבען ביים שענקער אין שטוב.

*

### 3) א אנדער מענש.

איינעם, וואָס האָט שטאַרק ליעב געהאַט דעם טרינק, האָט מען אַמאָל געפרעגט : ווי אַזוי קען עס איין מענש אריינגיסען אין זיך אַזוי פיעל בראָנפען ?

— פערשטעהט איהר מיך — ענטפערט יענער — ווען איך נעהם אַ גוטען

שנאַפּס ווער איך נאָר אַ אַנדער מענש. נו, און דער אַנדערער מענש דאַרף דאָך אויך מאַכען אַ רעכטען שנאַפּס!

*

### 4) וואו קריגט מען דעם ערשטען הונדערטער?

— ס'איז שלעכט, גוטער ברודער — קלאָגט זיך איינער פאַר זיינעם אַ בעקאַנטען — אפשר קאָנסטו מיר אַ עצה געבען, וואָס טהוט מען? איך ניכען דאַרף זיין די חתונה פון מיין טאָכטער. און איך מוז פריהער אַריינטראָגען די 200 רובל, וואָס איך האָב צוגעזאָגט נדן, איז איין הונדערטער האָב איך און עס פעהלט מיר נאָך איינער.

— אבי דו האָסט איין הונדערטער — ענטפערט יענער — איז קיין אומגליק נישט. צוליעב אַזעלכע זאַכען צונעהט זיך ביי יודען קיין שידוך נישט. דו גיב דעם הונדערטער וואָס דו האָסט און דעם צווייטען וועסטו דערווייל נישט דערגעבען און אָבלעגען אויף נאָך דער חתונה, אם־ירצה־השם.

— הערסטו — מאַכט דער ערשטער — אויף דער עצה בין איך אַליין געפאַלען. און דאָס מיין איך דאָך טאַקי אַז איין הונדערטער האָב איך, דאָס הייסט, דעם צווייטען, וואָס מע קען נישט דערגעבען. וואו קריגט מען אָבער דעם ערשטען הונדערטער?

*

### 5) די משוגענע שעה.

אַ ישיבה־בחור האָט געבעטען אַ שדכן: זוכט מיר אויס אַ כלה זי זאָל זיין אי רייך אי שען און דערצו פון פיינסטען יחוס, ווייל מיר אַליין פעהלט דאָס אַלצדינג: שען, ווי איהר זעהט, בין איך נישט, רייך אודאי נישט, און פון נאָר קיין גרויסען יחוס, מוז איך אייך זאָגען, קום איך אויך נישט אַרויס.

— איך האָב פאַר דיר אַ כלה — זאָגט דער שדכן — טאַקי נור ווי געמאָסטען, מיט אלע מעלות וואָס דיין האַרץ גלוסט. זי האָט אָבער איין שטיקיל חסרון.

— איין חסרון מאַכט נישט אויס. זאָגט, וואָס איז דאָס פאַר אַ חסרון?

— איין שעה אין יאָהר איז זי משוגע.

— עט, איין שעה אין יאָהר איז גאָר נישט. הַכְּלל, איך בין מְרוּצה. מאַכט־זשע נישט קיין שהיות און נעהמט זיך תיכף צום עסק אין אַ גוטער שעה.

— ניין, תיכף קיין מען נישט — מאַכט דער שדכן ערענסט — די זאַך מוז האָבען, פערשטעהסטו מיך, אַביסיל געדולד — אַזאַ חתן ווי דו וועל איך קענען קומען איהר פאָרלעגען ערשט דעמאָלט, ווען עס וועט איהר אָנקומען די משוגענע שעה.

# БЕРЕЗОВЫЙ КРЕМЪ

приготовленъ въ Лабораторіи **А. Энглундъ.**

**Средство противъ веснушекъ, желтизны, пятенъ, красноты и проч.**

Цѣна за фаянсовую банку 1 руб. съ перес. 1 р. 50 коп.

**Завѣдующіе Лабораторіею докторъ В. К. Панченко и А. К. Энглундъ.** Для предупрежденія поддѣлокъ прошу обратить особенное вниманіе на подпись **А. ЭНГЛУНДЪ** красными чернилами и марку **С.-Петербургской Косметической Лабораторіи,** которыя имѣются на всѣхъ препаратахъ. Получать можно во всѣхъ лучшихъ аптекахъ, аптекарскихъ, косметическихъ и парфюмерныхъ складахъ Россійской Имперіи. Главныя агентства и склады фирмы для Европы: **Эмиль Беръ.** Гамбургъ; для Южной и Сѣверной Америки: Л. Мишнеръ, Нью-Іоркъ. Главный складъ для всей Россіи **А. ЭНГЛУНДЪ, С.-Петербургъ, Бассейная ул., 27.**



# "מעטאמארפאזא"

דאָס בעסטע קאסמעטישע מיטעל געגען זו־מער־שפּראָסען, מאַכט דאס געזיכט ריין און צארט.

אלס איינציגער בעוויז פוּ עכטקייט איזט דער אונטערשריפט: *Casimi* אָהנע דען אונ־טערשריפט איזט געפעלשט, ווירד אין אלע אפּאטהעקען און פּערפום־געשעפטען פערקויפט.




קרעם קאזימי

דער הויפּט־פערקויף איזט אין האנדעלס־הויז י. ב. סגל, ווילנא—אדעסא.

אין בעטראכט פון געפעלשטע „מעטאמארפאזא" האָט דער ערפינדער „קאזימי" א נייעם ריסונעק אויף די פלאַקאטען צוגעגעבען: „די קוועלע פון שיינהייט מעטאמארפאזא" בעשטעטיגט פון האנדעלס און מאַנופאַקט. דעפּארטאמענט נו׳ 4683 וועלכער ווירד אין אילוסטרירטע זורנעלע פובליקירט ווערדען.



# שפּיגעל פאבריק ל. אידעלזאק, ווארשא

## ביעליאנסקא נו׳ 1

עמפפעהלט זיין גראָססעס לאַגער פון שפּיגעל, שפּיגעלגלאס, טרוימאָס אין דעטאַיל אונד ענגרא.



## פריילינען אונד דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען אונד נייהען אין אַ קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאָן, רוסיש אונד דייטש. די מעטאָדע איז די בעסטע און די גרינגסטע, אפילו 12 יעהריגע מעד־כען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה א מארקע, ניט זאמט אונד פרענט אן ביי

І-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.



## לבעלי בריתי לזכרון תמיד!!!

אדריסתי היא רק בת ג׳ מלים:

Я. Найдичъ, Варшава.

פראספעקט ישולח חנם לכל דורש.

